# אליה בחור

## פּאָעטישע שאַפונגען אין יידיש

אַרויסגעגעבן צום

פירהונדערטן יאָרטאָג

פון זיין טויט

(1949—1549)

אין 3 בענדער

מיט פילאָלאָגישע באַמערקונגען, אַלטיידישן

ווערטערבוך און אַ קורצער גראַמאַטיק

פון

יודאַ א. יאָפע

# אליה בחור

## פּאָעטישע שאַפונגען אין יידיש

ערשטער באַנד

(1508—1507)

רעפּראָדוקציע פון
דער ערשטער אויסגאַבע
**בבאָ דאנטונא**
**אייזנה 1541**

מיט אַ קורצן אַריינפיר
פון
**יודאַ א. יאָפע**

דעם ליכטיקן אָנדיינק
פון מיינע עלטערן

**יחיאל-ליטמאַן** און **פייגע-העניע**
**ת׳ר — ת׳ר׳צ׳ב** | **ת׳ר׳ב — ת׳ר׳פ׳ב**
**1840 — 1932** | **1842 — 1921**

**יאָפע**

# א וואָרט צום לייענער

אין ווינטער 1923—1924 איז מיר געלונגען צו קויפן א בבא־בוך אָן אַ שער און לעצטע 2 בלעטער. פון ביבליאָטעקע פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָב איך באַקומען דעם אַמסטערדאַם (1661) בבא־בוך און האָב גענומען שטודירן די צוויי טעקסטן. פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדר מאַרקס האָט מיך שטאַרק צוגערעדט אָפּצודרוקן דעם בבא־בוך, און איך וויל אים דאָ זאָגן אַ האַרציקסטן דאַנק פאַר אָנרעגן און דערמוטיקן מיך אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן.

ווען דר. מאַקס ווײַנרײַך האָט אין 1931 דערציילט דער יידישער וועלט, אַז ער האָט געפונען דעם ערשטדרוק פון בבא־בוך, האָב איך זיך אָנגעפרעגט אין אַ בריוו, צי ער ריכט זיך דעם בוך צו פאַרעפנטלעכן און, אויב ניט, צי ער האָט עפּעס אָנקעגן דעם, אויב איך וועל אים איבערדרוקן. דר. ווײַנרײַך האָט מיר געענטפערט אַז איך מעג איבערדרוקן דעם אָנטדעקטן טעקסט און איך ניץ איצטער אויס די געלעגנהייט אים צו באַדאַנקען פון טיפסטן האַרצן פאַר דער־לויבן מיר צו טאָן דאָס וואָס זוערט מקוים ערשט איצטער — מיט זיבעצן יאָר שפּעטער.

אַ פּאָר ווינטערס האָבן מיר ערנסט געאַרבעט אויף די פאָטאָסטאַטן מיט פריינט נ. ב. מינקאָוון, און שפּעטער האָב איך געלייענט דעם בבא־בוך אין מיינע יידישע קורסן אין פראַנצויזישן אוניווער־סיטעט*), אין 1943—1944 פאַרשיידענע טיילן, און אין 1945—1946, פון אָנהייב ביזן סוף.

די רעזולטאַטן פון עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר אַרבעט איבערן בבא־בוך וועלן אַרייַנגיין אין II באַנד: (1) פילאָלאָגישע באַמערקונגען שורה נאָך שורה; (2) אַ קורצע גראַמאַטיקע פון אליה בחורס שאַפונגען אין יידיש; (3) אַן (ערשטער) אַלט־יידישער ווערטערבוך; (4) רשימה פון טעקסטן פון בבא־בוך און בבא־מעשה; (5) די איטאַליענישע מקורים פון יידישן ראָמאַן; און האַפּנטלאַך אַ ביבליאָגראַפיע וועגן אליה בחורן.

דער III באַנד וועט אַנטהאַלטן אַ רעפּראָדוקציע פון פּאַריז און וויענה; המבדיל; שריפה פון ווענעציע, און פילאָלאָגישע באַמערקונגען.

צום סוף וויל איך אויסדריקן מיין האַרציקסטן דאַנק די ברידער קאַמינסקי, פאַר זייער וואַרעמען אינטערעס וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן צו מאַכן די אויסגאַבע אַזוי קינסטלעריש שיין ווי מיגלאַך.

אַפּריל, 1949.



*) École Libre des Hautes Etudes.

## דעם פּאָעטס נאָמען

וויאַזוי דאַרף מען שרײַבן דעם נאָמען פֿונעם מחבר פֿון בבֿאָ-בוך? געוויסע וויסנשאַפֿטלער שרײַבן אליהו בחור, אַנדערע ווידער שרײַבן פּשוט אליה, אָן דעם וואָו סוף וואָרט. פֿאַר מיר איז דער אויסלייג אליה בחור דער איינציקער באַרעכטיקטער אין אַ בוך וועגן בבֿאָ-בוך. אין דעם ערשט־דרוק וואָס ווערט דאָ רעפּראָדוצירט, ווערט דעם אוטאָרס נאָמען דערמאָנט גאַנצע דרײַ מאָל, און אין אַלע דרײַ פֿאַלן איז דער אויסלייג דערזעלביקער — אליה:

1] איך אליה לוי דער שרייבר [פּראָלאָג 1].

2] אבר ווי ווינציג ווער עש אליה בחור גישעהן [8. 136].

3] דוך וויל איך אוייך נענן ואר[=צוערשט]
ווער דש בוך הוט גימאכט אונ׳ גישריבן
אליה בחור נענט ער זיך צוואר. [649.1-3]

צי אַ צונעמעניש בחור קומט דערפֿון וואָס ער האָט, — נאָך יענע צײַטן נאָך, — חתונה געהאַט שפּעטלאַך אין לעבן, ווייס מען ניט, און איך וועל אַוודאי ניט אונטערנעמען זיך דאָ די רעטעניש צו באַשיידן, אָבער גראָד מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט מיר פֿרײַנט יצחק ריבֿקינד אָנגעוויזן אויף אַ זייער· טשיקאַווער שאלה-תּשובֿה וואָס איך גיב דאָ איבער לשם אינפֿאָרמאַציע:

אין משה קוניצעס ספֿר המצרף, ווין 1820, ס׳ קה, איז דאָ אַ שאלה, צי אליה בחור איז געשטאָרבן יונג ווי זײַן נאָמען וויל האָבן אָדער אויף דער עלטער און בחור איז אַ צונאָמען. משה קוניץ ברענגט אליה בחורס אַ ליד געדרוקט אין שערי דורא, וויניציאה ש״ה, וואו ער שרײַבט: „המשורר הוא, אליהו, בחור זקן, פּ׳ לגבֿורה״. און אין דער הקדמה צו זײַן גראַמאַטיקע ספֿר הבחור [1517] ווען ער איז שוין אַלט געווען 48 יאָר רופֿט ער זיך אַליין אָן אליה בחור, הייסט עס דער צונאָמען שטאַמט ניט פֿון דעם ספֿרס טיטול!

אליה בן אשר הלוי אשכנזי, געוויינטלאך בעסער באקאנט אונטערן נאמען עליא לעוויטא*) אדער אליה בחור, איז געבארן געווארן אין דארף איפשהיים**) אן דער אייש לעבן נירנבערג אין 1469 און איז געשטארבן אין ווענעציע אין 1549.

ער איז געווען דער יינגסטער פון די 9 זין אין דער פאמיליע און זיין ערשטער לערער אין העברעיש איז געווען זיין פאטער. מיר ווייסן ניט זיכער, צי די רדיפות אין דייטשלאנד, צי דער וואונטש צו לערנען העברעיש וויסנשאפטלאך האט אים געבראכט קיין איטאליע. אבער אין 1496 איז ער שוין געווען אין ווענעציע, ווייל אין איטאליע האט זיך געלערנט דער הומאניסט רויכלין, דער גרעסטער העברעיש-קענער, וואס זיינע לערערס זיינען געווען איטאליענישע און שפאנישע יידן און זיי האבן פארמאגט אן א פארגלייך גרעסערע קענטענישן אין העברעיש איידער די יידן אין דייטשלאנד. עס קען גריילאך זיין אז דאס האט געצויגן אליה בחורן קיין איטאליע.

אין 1504 געפינט ער זיך שוין אין פאדוא מיט א היפשער צאל תלמידים: דא האט ער פארעפנטלאכט אן איבערארבעטונג פון קמחים גראמאטיקע, און זי איז געווארן אן אנגענומענער טעקסטבוך פון העברעיש בא די ניט-יידן.

אין 1509 האט דער שונא פארכאפט פאדוא, אליה בחור האט פארלארן זיין ביסל פארמעגנס און איז אנטרונען צוריק אין ווענעציע. ער האט געמוזט אנהייבן אפסניי אין זיין נייער היים, און דער קאמף מיט נויט און הונגער איז געווען א שווערער, אבער ארום 1514 באקענט זיך אליה בחור מיט עדזשידיא דא וויטערבא, שפעטער קארדינאל אין רוים.

דרייצן יאר האט אליה בחור געוואוינט אין רוים אין קארדינאלס הויז, האט מיט אים געלערנט העברעיש, און האט פאר אים געמאכט לאנגע אפשריפטן פון די גרויסע קבלה-שריפט-שטעלער: אין ברעטישן מוזיי געפינט זיך א גרויסער בייכיקער מאנוסקריפט *Add.* N27, 199 פון העכער 1200 בלעטער וואס אליה בחור האט צוזאמענגעשטעלט פארן קארדינאל עדזשידיא. ווענען קבלה און מיסטיציזם האבן גוואלדיק געאינטערעסירט.

*) Elia Levita.

**) Ůpschheim.

אין 1517 האָט אליה בחור געדרוקט זײַן באַרימטע גראַמאַטיקע ספֿר הבחור און דערנאָך זײַנען געקומען כּסדר ביכער וועגן פֿאַרשיידענע פֿראַגעס און אין פֿאַרשיידענע פֿעלדער פֿון העב־רעיִשער שפּראַכוויסנשאַפֿט.

אָבער אין 1527 האָט דער קיניג קאַרל פֿאַרנומען רוים און אליה בחור האָט ווידער פֿאַרלאָרן אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, און אויך די מאַנוסקריפּטן פֿון זײַנע נײַע ווערק. צוויי יאָר האָט ער געוואַנדערט פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער, אָבער עס איז אים געלונגען צו פֿאַרעפֿנטלאַכן די פּרקי־אליהו אין פּיזאַראָ (סאָנטשינאָ) און אין 1529 האָט ער זיך דערשלאָגן קיין ווענעציע. דאָ איז אים ווידער געקומען צוהילף עדזשידיאָ און אויכעט אַן אַנדער תּלמיד זײַנער אין העברעיִש, דער פֿראַנצויזישער אַמבאַ־סאַדאָר זשאָרזש דע סעלוו.

אין 1538 האָט ער אין ווענעציע געדרוקט מסורת המסורת וואו ער האָט דערקלערט, אַז די נקודות און די טראָפּ (טעמים) זײַנען ניט קיין באַשטאַנדטייל פֿון תּורה־טעקסט, נאָר גאָר אַ שפּעטערדיקער צוואוואַקס און האָבן ניט קיין שום הייליקייט אין זיך — און דאָס האָט אויפֿגעהויבן קעגן אים אַן אמתן שטורעם צווישן די פֿרומע אָרטאָדאָקסן.

צוריקגעקומען קיין אייזנה, דײַטשלאַנד, האָט ער דאָרט אָפּגעדרוקט מתּורגמן, שמות דבֿרים (1542) און תּשבי 1541—1542 מיט יִידישע און דײַטשישע ווערטער צו פֿאַרטײַטשן העברעיִשע און אַראַמעיִשע אויסדרוקן (אָדער ווערטער). דער שמות דבֿרים איז אינדעראמתן געווען אַ יִידיש־ (אָדער דײַטש) העברעיִשער ווערטערבוך פֿאַר קריסטלאַכע דײַטשע סטודענטן פֿון העברעיִשער קאָמפּאָזיציע. אַ קורצע צײַט (ביז אין 1542) איז אליה בחור פֿאַרבליבן אין דײַטשלאַנד, ווי אַ „קאָ־רעקטאָר", דאָס הייסט אַ בעל מגיה אין פּאָול פֿאַגיִוסעס בוך־דרוקערײַ. פֿאַגיִוס האָט צוגעזאָגט עטלאַכע איבערזעצונגען וואָס ער האָט באַשטעלט באַ אליה בחורן: איובֿ איז ווירקלאַך געווען פֿאַרטיק צום דרוק, אָבער דער גאַנצער מאַנוסקריפּט איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען ביז הײַנטיקן טאָג! צום סוף האָט לעוויטאַ דערפֿילט, אַז ער איז שוין צו אַלט און האָט זיך ווידער אומ־געקערט אין זײַן ליבער ווענעציע (1544) „צו שטאַרבן בשלום

מיט מײַן ליבער אַלטער פֿרוי" (הקדמה צום מתורגמן). **אָבער** אויך דאָרט איז ער װײַטער אָנגעגאַנגען מיט זײַן אַרבעט. **אַ** ייִדישע איבערזעצונג פֿון תּהילים (אָן העברעיִשן טעקסט) איז אַרויס פֿון דרוק אין װענעציע 1545, פֿאַר פֿרומע מיידלאַך און מאַנסבילן װאָס האָבן קנאַפּ געלערנט אין די יונגע יאָרן, אַזוי אַז זיי זאָלן קענען פֿאַרװײַלן שבתים און יום־טובֿים און לייענען געטלאַכע שמועות און ניט טיטריך בערן און די „שיינע גליק" (גראַד דאָס װאָס לעװיטאַ האָט צוגעזאָגט אַף דער לעצטער זײַטל פֿון בבֿא־בוך!).

פֿאַרװאָס האָט װענעציע אַזוי צוגעצויגן דעם טרוקענעם פֿילאָלאָג און גראַמאַטיקער זײַן גאַנצן לעבן? די װײַטערדיקע שורות פֿון פּ. מוראַטאָװס געשטאַלטן פֿון איטאַליע (לײַפּציג, 1924, I, 22—21, אין רוסיש) װעלן מאַכן דעם לייענער אין אַ געװיסער מאָס גרינגער צו באַנעמען מיט װאָס פֿאַר אַ צױבער װענעציע האָט געװירקט אַף אליה בחורן:

„כּדי צו קליידן און אויספּוצן אַטדי אַלע פֿרויען און אַלע פּאַטריציאַנערקעס װיפֿל גאָלד האָט מען געדאַרפֿט האָבן, װיפֿל פּערל אַזוי באַליבטע פֿון די װענעציאַנער פֿרויען, װיפֿל שפּיגלען, װיפֿל פֿוטער, שפּיצן (קרוזשעװעס) און אבֿנים־טובֿות! קיינמאָל און אינערגעצניט איז ניט געװען אָנגעזאַמלט אַזאַ רײַכטום און פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון געװעבן װי אין װענעציע פֿון XVI יאָר־הונדערט! אין טעג פֿון גרויסע יום־טובֿים און פֿײַערונגען זײַנען די זאָלן פֿון פּאַלעצן, די קלויסטערס, די פּאַסאַדן פֿון מויערס, די גאָנדאָלעס, און אַפֿילו די פּלעצער זײַנען געװען אַלע באַהאַנגען און אויסגעלייגט מיט סאַמעט, שפּאַניער און זעלטענע קאָבריצן. בשעת די פּראָצעסיעס אַפֿן הויפּט־קאַנאַל פֿון װענעציע פֿלעגן הונדערטער גאָנדאָלעס װערן באַדעקט מיט העל־רויטע זײַד־שטאָפֿן.

„אָבער פֿאַר אונדז איז שװער, כּמעט אוממיגלאַך דאָס אַלץ זיך פֿאָרצושטעלן. באַ אונדז איז שוין פֿאַרלאָרן געגאַנגען דער כּוח צו פֿאַרשטיין די שיינקייט פֿון געקאָלירטע טײַערסטע געװעבן, װאָס האָבן באַדעקט אומגעהײַערע שטחים אָדער האָבן זיך װי קאַסקאַדן אַרונטערגעלאָזן פֿון די הויכע סופֿיטן.

„דער הײַנטצײַטיקער לעבן גיט ניט דעם אויג אַזעלכע יום־טובֿים, און ניט געוועב קענען מיר, נאָר בלויז שטיקלעך געוועב. אַט דערפֿאַר קען אונדזער באַגריף וועגן דער באַצירונג פֿון אַ ווענעציאַנער יום־טובֿ זײַן גאָר ווײַט פֿון דעם אמת, פּונקט אַזוי ווײַט ווי דער באַגריף פֿון אַ ים איז בײַ אַ מענטשן וואָס האָט געזען נאָר ריטשקעלעך און קלײנע טײַכן״.

אָט אין דער, מיט פֿאַרגעניגן אָנגעלאָדעוועטער, רײַכסטער און גלענצנדיקסטער שטאָט פֿון יענער צײַט, האָבן פֿאַרמעגלעכע ייִדישע משפּחות גענומען אַ פֿולן אָנטייל אין דעם פֿינקלענדיקן, פֿריידיקן, זוניקן גאַסנלעבן פֿון דער געמיינדע, און עס איז קיין חידוש ניט וואָס זײַן לעבנספֿרייד האָט פֿון אליה בחורן געמאַכט אַ געטרײַעם אומוואַקלדיקן ליבהאָבער פֿון ווענעציע, וווהין ער האָט זיך אומגעקערט צו פֿאַרברײַנגען די פּאָר יאָר ביז זײַן טויט, אין דער שטאָט ווו ער האָט געפֿונען אַ לעבנסלאַנגע באַגײַסטערונג און אָנשפּאָר אין פֿאַרלויף פֿון אַ קאָרגן האַלב יאָרהונדערט.

אָט דאָ, אין אָט דער רווישנדיקער קאָכעדיקער אַטמאָספֿערע האָט זיך דער פּאָעט געשטיקט און געפּלאָגט אין עקסטער נויט און הונגער אין זײַנע יונגע יאָרן, און דאָרט האָט ער פֿאַרפֿאַסט דעם פּאַסקוויל המבֿדיל (1514) ווו ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין זידלווערטער און ניבֿול־פּה צו מאַכן חוזק און אַש פֿון איינעם אַ לערער פֿון העברעיִש, הלל הכּהן, מן הסתּם אַ קאָנקורענט אַף תּלמידים אין דער העברעיִשער שפּראַך. אין דעם פּאַסקוויל, ווי אויך אין אַ צווייטן, האָט אליה בחור זיך באַנוצט מיט די ערגסטע זידלווערטער, ווי עס איז געווען אָנגענומען אין דעם מין שריפֿטן אין איטאַליע אין יענער צײַט.

דער אַנדער פּאַסקוויל פֿון דעמזעלביקן כאַראַקטער, אַ ליד אויף די שריפֿה בון ווניִדיג (ווענעציע, 1509) איז געווען אויכעט פֿאַרבונדן מיט אליה בחורס ערשטע יאָרן לעבן אין ווענעציע, ווו ער האָט זיך געוואָרפֿן צו אַ סך אַרבעטן: געשריבן צופֿעליק „געלעגנהייטס״־לידער און האָט זיי געדעקלאַמירט און אַפֿילו פֿאַרגעזונגען פֿאַר געזעלשאַפֿט־פֿאַרזאַמלונגען, ווי בבֿא־דאַנטונאַ (בבֿא־בוך) און פּאַריז און וויענה,

אבער קענטיק אַלץ מיט ווינציק הצלחה, און איז צײַטנווײַס געווען געצוווּנגען צו פֿירן דעם לעבן פֿון אַ וואַנדערנדיקן אַקטיאָר־דעקלאַמאַטאָר:

„נון וויל איך אויך איין וויגציג זינגן
„מיט מיינם בויזן קול
„בֿון נוייא גשעהן דינגן
„די אידרמן ווישן זול".

אַ מענטש מיט אַ זעלטן־שטאַרקן חוש פֿאַר דעם תּענוג פֿון שעפֿערישער אַרבעט אין יעטווידער פֿעלד פֿון זײַן פֿילזײַטיקער טעטיקייט, האָט ער אין די שלום־ווערטער (סיום הספֿר) פֿון זײַן העברעישן תּשבּי (1542) פֿאַרצייכנט די פֿלאַמענדיק־יוגנט־לאַכע התלהבֿות פֿון אַ דרײַ־און־זיבעציקיאָריקן זקן — דעם עסטעטישן געניטס פֿון שעפֿערישער אַרבעט אין טרוקענער פֿילאָ־לאָגיע — אין אַטדי אייביקע שורות:

„אַריבערקומענדיק די בערג (אַלפּן) אָפֿן וועג קיין אייזנה" (אײַנגעלאַדן האָט אים פּאַול פֿאַגיוס צו קומען מיטאַרבעטן אין דײַטשלאַנד) — דערציילט ער — „בין איך געשטאַנען פֿאַר־ציטערט, אין געדאַנקען האָב איך געטראַכט וועגן ווערטער און האָב זיי אויפֿגעשריבן אָפֿן טאָוול פֿון מײַן האַרץ. און ווי באַלד איך בין נאָר צוגעקומען צו דעם האַרבעריג לעבן שליאַך, האָב איך געעפֿנט דעם רײַזזאַק, אַרויסגעשלעפּט מײַן נאָטיץ־בוך און האָב פֿאַרצייכנט די ווערטער, וואָס דער אַלמאַכטיקער האָט אַרײַנגעלייגט מיר אין האַרצן". די ריזן־בערג אין יאַרמאַלקעס פֿון אייביקן שניי האָבן אויפֿגעטרייסלט זײַן האַרץ מיט גאָטס־פֿאַרכט אין אַן „עסקעיפּ" פֿון טאָג־טעגלאַכער רוטינע פֿון שפּראַך־פֿאָרשן!

אליה בחור האָט ליב געהאַט כּל המינים לעבנספֿרייד, און טערענציס ווערטער — איך בין אַ מענטש, און איך רעכן קיין מענטשישע זאַך איז מיר ניט פֿרעמד*) — זײַנען געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר אליה בחורן.

אין די איטאַליענישע ריטערלאַכע ראָמאַנען פֿון מיטל־אַלטער האָט לעוויטאַ אַנטדעקט אַן אומבאַקאַנטע וועלט, וואָס האָט באַצויבערט זײַן גליענדיקע פֿאַנטאַזיע און באַפֿרידיקט זײַן

*) Homo sum, humani nihil a me alienum esse puto (Heauton-tim. I, 11).

טעמפּעראַמענטס פֿאַרליבע צו דראַמאַטישע און פֿאַנטאַסטישע סיוזשעטן. ווען ער האָט שוין גוט געקענט איטאַליעניש האָט אים מיט כּישוף פֿאַרכאַפּט באָווא דאַנטאָנאַ, די טאָסקאַנער ווערסיע (באָלאָניע 1497) אין 22 געזאַנגען פֿון קנאַפּע 1400 אַכט-שורהדיקע סטאַנסן, פֿון דעם איטאַליענישן אָטאַווע רימאַ אָריגינאַל.

זײַן ראָמאַן האָט געהייסן, ווי אין אָריגינאַל, בבֿאָ דאַנ־טונאַ (דער נאָמען בבֿאָ-בוך האָט זיך באַוויזן אין די שפּעטערע אויסגאַבעס), און האָט אַנטהאַלטן 650 סטראָפֿעס, אַ פּראָלאָג, אַן עפּילאָג (5262 שורות אַרום און אַרום) און אַ קורצע פֿאַרצייכעניש פֿון די איטאַליענישע ווערטער מיט זייערע טײַטשן.

בבֿאָ-בוך איז געוואָרן דער באַליבטסטער, צום מיינסטן געלייענטער ייִדישער בוך מיט אַ וועלטלעכן ליטעראַרישן אינ־האַלט, וואָס האָט, אין אומצאָליקע אויסגאַבעס, זײַן אײַביק-פֿרישן חן און כּישוף אויסגעווירקט אַף פֿופֿצן דורות ייִדישע לייענער כּמעט ביז אונדזער צײַט. און אין דער לעצטער תּקופֿה, אין אַ פּראָזאַיִשער ווערסיע (וואָס האָט דאָ און דאָרטן נאָך אַלץ פֿאַרהיט די אָריגינעלע גראַמען פֿון פֿיר הונדערט יאָר צוריק) אונטער דעם נײַעם (שוין דריטן!) נאָמען בבֿאָ מעשׂה האָט זיך דער ראָמאַן נאָך געדרוקט אין 1909—1910.

דעם ראָמאַנס אויסערגעוויינטלעכע פֿיר יאָרהונדערטער דויערנדיקע פּאָפּולאַריטעט איז געווען אַזוי אויפֿפֿאַלנדיק און ווײַט־פֿאַרשפּרייט, אַז דורך אַ קליינינקן קנייטש האָט זיך דער נאָמען פֿאַרוואַנדלט אין באָבע-מעשׂה (פֿון סלאַוויש באָבע, באָבע), גע־וואָרן אַ סינאָנים פֿון באָבסקע מעשׂיות.

אין די 5262 געגראַמטע שורות פֿון בבֿאָ-בוך איז דאָ נאָר איין אייניציקער סלאַווישער וואָרט — ווי ווײַט איך ווייס געפֿינען זיך אינגאַנצן דרײַ סלאַווישע ווערטער אין לעוויטאַס ייִדיש. העברעיִשע ווערטער אין בבֿאָ-בוך זײַנען פֿאַראַן עטלעכע און זיבעציק, גאָר היימישע אין הײַנטיקן ייִדיש, ווי למשל הקדש, מזל-טובֿ, חתן, כּלה, ברוכים היושבֿים, בשׂורה אאַז״וו. אָבער אַ דרײַצניאָריקער קאָנטאַקט מיט דעם קולטורעל-העכערן איטאַליענישן אַרום ווי

אויך די שפּראַך פֿון איטאַליעניש אַריגינאַל האָבן געווירקט אַף אליה בחורס איבערדיכטונג. דאָרטן געפֿינען זיך אַ 5—6 טוץ איטאַליענישע ווערטער וואָס געהערן צו פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס: היים, קיך, געשיר, סאָציאַלע קלאַסן, ים־שיפֿערײַ, אַבסטראַקטע באַגריפֿן אאַז״וו. ער האָט זיי כּמעט אַלע פֿאַררעגיסטרירט סוף בוך אין דער ערשטער אויסגאַבע.

מע דאַרף וויסן אַז אין ייִדיש זײַנען פֿאַראַנען אינגאַנצן נאָר 3 ליטעראַרישע שאַפֿונגען אין אָ ט אַ וו אַ ר י מ אַ (סטאַנסן). די צווייטע נאָך ב ב אָ ־ ב ו ך איז דער ראָמאַן פּ אַ ר י ז א ו ן ו ו י ע נ ה, וואָס פֿון אים איז פֿאַרהיט געוואָרן בלויז איין עקזעמפּליאַר (געדרוקט אין בערן־וועראָנע, אין 1594, הייסט עס 45 יאָר נאָך לעוויטאַס טויט), און אַפֿילו אין אָטדעם עקזעמפּליאַר פֿעלט א י י ן ד ר י ט ל, די ערשטע 24 פֿון 72 בלעטער.*) אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אײַנגעשטעלט אַן אַנגענומענער בליק, אַז דער מחבר פֿון פּ אַ ר י ז א ו ן ו ו י ע נ ה איז אליה בחור. ווי די זאַך שטייט איצטער, בין איך געניגט אײַנצושטימען מיט דעם פֿאַרשפּרייטן קוק, אָבער בלויז אַ גענויע און געדעטאַלירטע לינגוויסטישע אויספֿאָרשונג פֿון גראַמען (די 5262 גראַמען פֿון בבֿאָ־בוך האָבן מיר מיט פֿרײַנט נ. ב. מינקאָוון פֿאַרשריבן און אויסגעקלאַסיפֿיצירט, און איך האָב זיי פּינקטלאַך דורכגעשטודירט), כאַראַקטעריסטישע ווענדונגען און אויסדרוקן, שטענדיקע פֿאָרמולעס אאַז״וו וועט דערווײַזן אַף זיכער, צי אליה בחור איז געווען דער מחבר פֿון דעם דאָזיקן ראָמאַן.

די דריטע שאַפֿונג, דאָס איז די אָטאַווע רימאַ באַאַרבעטונג פֿון דעם ריטערלאַכן ראָמאַן ק י נ ( י ) ג א ר ט ( י ) ש ה ו ף (דער אַלט־ענגלישער ציקל King Arthur's Court אַזוי באַרימט דורך דעם „רונדן טיש") און דאָ ווערט די פּראָבלעמע אַסך מער פֿאַרפּלאָנטערט און קאָמפּליצירט דורך דעם פֿאַקט, וואָס מיר פֿאַרמאָגן נאָך אַנדערע ווערסיעס פֿון דעמזעלביקן סיוזשעט אין ייִדיש און עטלאַכע פֿאַרשיידענע דרוקן און מאַנוסקריפּטן.

---

*) אַ פֿאָטאָסטאַטישע רעפּראָדוקציע פֿון אַ גאַנצן עקזעמפּליאַר (געדרוקט אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט) איז געווען אין ווילנער ייוואָ ביבליאָטעק. צי ער געפֿינט זיך אין די געראַטעוועטע ביכער־קאַסטנס וואָס זײַנען אָנגעקומען אין ניו־יאָרק קען מען דערווײַלע ניט זאָגן.

איינער פֿון די לעצטע האָט שוין געעקזיסטירט אין 15־טן יאָר־הונדערט און מיגלאָך איז ער געשריבן געוואָרן מיט יאָרן פֿריִער: פֿון מײַן פּריוואַטער אינפֿאָרמאַציע, מיר שריפֿטלאַך צוגעשיקט פֿון בוכהענדלער לאַם אין יאָר 1925, האָט דער כּתבֿ־יד אַן אייגנהאַנטיקע אונטערשריפֿט פֿון זײַן אַמאָליקן אייגנטימער, דעם באַרימטן תּלמודיסט יוסף ב״ר משה פֿון הויכשטעטט, דעם מחבר פֿון לקט יושר, וואָס האָט געלעבט אין 1420—1488. די פֿאַר־בינדונג און צווישן־שייכות פֿון די פֿאַרשיידענע טעקסטן פֿון קינ(י)ג ארט(י)ש הוף פֿאָדערט גאָר גאָר פֿיל לאַנג־דויערנדיקע און אומדערמידלאַכע האַרעוואַניע און פֿאָרשן צו זײַן באַרעכטיקט זיך אַרויסצוזאָגן קאַטעגאָריש אין דער פֿראַגע.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך באַקומען אַ פֿאָטאָסטאַט פֿון דער אַטאַווע־רימאַ־ווערסיע און אַטאָ ניט לאַנג אויך פֿון אַן אַלטן מאַנוסקריפּט, אָבער איך וועל ניט וואָגן אַרויסצוזאָגן אַ מיי־נונג, און פֿון אַ פֿעסטן באַשלוס אין דער פֿראַגע איז אַוודאי אָפּגערעדט. מער ווי אַ העלפֿט פֿון שער, זײַן אונטערשטער טייל, איז אָפּגעריסן און מע קען ניט וויסן דעם יאָר און אָרט פֿון דרוק, כאָטשע דער שריפֿט, די וויניעטקע און אַז״וו האָבן דערלויבט שטיינשנײַדערן צו באַשיידן מיט אַביסל זיכערקייט, אַז עס איז אַ פּראָגער דרוק פֿון אַרום 1652—1669. אויך וויסן מיר ניט צי דעם אַוטאָרס נאָמען איז געווען אַף דעם פֿאַרשוווּנדענעם טייל שער צי ניין.

אַ באַהויפּטונג איז געמאַכט געוואָרן אין דער דיסקוסיע, אַז די השערה פֿון אליה בחורס מחברשאַפֿט איז אַ פֿאַלשע: זע ד״ר מאַקס ווײַנרײַך אין בילדער פֿון יִדישער ליטעראַטור־געשיכטע (ווילנע 1928), זז׳ 190—191. ווי געזאָגט, עס איז אומבאַדינגט נייטיק מער ווי סתּם איבערצו־לייענען אַטדעם זעלטענעם דרוק צו קענען באַשיידן די פֿאַר־וויקלטע פֿראַגע אַזוי אָדער אַזוי. אָבער . . . פּשוט איין בליק אַפֿן סאַמע אויבן פֿון דער צווייטער זײַט, אינעווייניק פֿון שער־בלאַט, אַנטפּלעקט אַ רייצנדיק־טשיקאַווע אַנצוהערעניש, אַז אפֿשר איז לעוויטאַ פֿאָרט דער מיגלאַכער מחבר פֿון קינ(י)ג ארט(י)ש הוף. אַ שורה וואָס מע קען קוים־קוים באַמערקן, געדרוקט מיט פּיצינקע אותיות איבער דער ברייט סאַמע אויבן

פֿון דעם צעפּליקטן שער־בלאַט זאָגט איינפֿאַך און אָן שום באַרימעריַי:

„דער ניגון פֿון בבֿא בוך טריפֿט זיך דרויף גאר עבן". אין פשוט יִידיש: „איז אַהער גאָר צוגעפּאַסט".

מיר קערן זיך אום צוריק צום בבֿא־בוך, וואָס זײַן ערשטדרוק איז געווען אומבאַקאַנט ביז 1931, ווען ד"ר ווײַנרײַך האָט אים אַנטדעקט אין דער „צענטראַל־ביבליאָטעק" אין ציריך: מיר פֿאַרמאָגן צוויי מאַנוסקריפּטן (וואָס מע רעכנט) פֿון 16־טן יאָרהונדערט, און גאַנצע עקזעמפּליאַרן געדרוקטע אין: פּראָג 1660; אַמסטערדאַם 1661; פֿראַנקפֿורט אַם־מאַין 1691; ווילמערשדאָרף 1724; פּראָג 1767; און אַ דרוק אָן אַ שער באַ מיר, וואָס דער דרוקאָרט און צײַט איז דערווײַלע אומבאַשטימט.

אין דעם פּראָלאָג פֿון ערשטדרוק, געזעצט אין שריפֿט דורך זײַנע צוויי אייניקלאַך אונטער זײַן אויבערזיכט, דערציילט לעוויטאַ אַז נאָך דעם ווי ער האָט געדרוקט אַכט־נײַן ביכער אין דער הייליקער שפּראַך, איז באַ אים געבליבן, אַז עס איז ניט מער ווי רעכט אַנטקעגנצוקומען דעם פֿאַרלאַנג פֿון פֿרויען (וואָס קענען ניט קיין העברעיִש) און דרוקן כּסדר אַלע זײַנע „טוייטשי בוכר" און לידער, ווײַלע ער איז שוין אַלט און קען הײַנט־מאָרגן שטאַרבן. ער גיט צו אַז ער וועט זיי דרוקן איינעם נאָך דעם אַנדערן אין זייער (כראָנאָלאָגישן?) סדר און עס וועט זײַן בלויז נאַטירלאַך אָנצוהייבן מיטן בבֿא־בוך, וואָס ער האָט פֿאַרפֿאַסט מיט 34 יאָר פֿריִער, און אויב די צײַט וועט קלעקן, ריכט ער זיך פֿאַרעפֿנטלאַכן אַלע זײַנע יִידישע ביכער.

די איינציקע זאַך וואָס מע קען דערפֿון דרינגען איז, אַז ער האָט געהאַט אַ צאָל וויכטיקע ביכער אין יִידיש, מיגלאַך אַפֿילו אַזוי פֿיל ווי די צאָל ווערק אין העברעיִש — ווער קען עס איצטער וויסן — און אַז צווישן זײַנע מאַנוסקריפּטן זײַנען אפֿשר געווען נאָך אַנדערע שאַפֿונגען פֿון דעם שניט פֿון בבֿא־בוך און געשריבן אין דערזעלביקער שפּראַך.

די וואָס האָבן געשריבן וועגן באַרימטן שמואל־בוך, האָבן ווי אַ כּלל אָן מינדסטן קווייטנקל דערקלערט, אַז דאָס איז די העכסטע מײַסטערשאַפֿונג פֿון יִידישער וועלטלאַכער ליטעראַטור.

אין מײַנע אויגן [און איך רייד אָן שום פּרעטענזיעס אַז יענע זײַנען אומגערעכט] איז אַזאַ אַנטשיידונג צו הויך און אומבאַרעכטיקט: אַזאַ אויסצייכענונג געהערט ריכטיק דעם ב ב אָ-ב ו ך (אָדער פּ אַ ר י ז א ו ן ו ו י ע נ ה). אינדעראמתן וואָס האָט אַ געוויסע צײַט מיטגעווירקט אין דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פֿון ש מ ו א ל-ב ו ך?

ערשטנס — די גרויסע פּאָפּולאַריטעט פֿון דעם ש מ ו א ל-ב ו כ ם העלד, דעם גרויסן קיניג דוד: די עפּיש-דראַמאַטישע, זיך-אָן-אופֿהער-בײַטנדיקע געשעעענישן אין זײַן לעבן; זײַן בײַקומען גליתן, אַ העלדישער דועל וואָס האָט אופֿגערעגט און אופֿגעטרייסלט אַ יִידנס נשמה ביז אירע טיפֿסטע טיפֿענישן; זײַן ווערן פֿאַרטריבן און פֿאַרפֿאָלגט פֿון מלך שאולן; זײַנע לאַנגע מלחמות מיט די פּלשתּים; זײַן ענדלאַכער געווינען דעם קיניג-שטול, — אַט די אַלע זאַכן האָבן אויסערגעוויינטלאַך שטאַרק געאימפּאָנירט דעם צוהערערס אָדער לייענערס פֿאַנטאַזיע, האַרצן, און געפֿילן.

ווײַטער איז ש מ ו א ל-ב ו ך אַנטשטאַנען באַלד נאָך 1450, ווען יִידיש איז אין סטרוקטור נאָך אַלץ געווען אַזוי נאָענט צו דער שפּראַך פֿון נ י ב ע ל ו נ ג ע נ ל י ד און זײַן כאַראַקטערים-טישער סטראָפֿע, אַז דער ש מ ו א ל-ב ו ך האָט זיך גרינג אָנגעקליידט אין דער נײַגעשאַפֿענער ה י ל ד ע ב ר אַ נ ד-ס ט ר אָ פֿ ע. דאָס איז געווען אַ פֿיר-שורהדיקע סטראָפֿע מיט גראַמען (ערשטע און צווייטע, דריטע און פֿערטע), bb, aa פֿון 11 ביז 13-טראָפֿיקע פֿערזן, מיט אַ צעזורע (איבעררײַס), וואָס האָט געשניטן די שורה אָף צוויי האַלבפֿערזן מיט דרײַ אַקצענטן יעדערער, דאָס הייסט 6 אַקצענטן אין אַ שורה. דאָס איז געווען די נישטיקע ענדערונג פֿון דער אָריגינעלער נ י ב ע ל ו נ ג ע ן-סטראָפֿע, וואָס אין איר אַכטן האַלבפֿערז זײַנען געווען 4 און ניט 3 אַקצענטן ווי אין די פֿאַריקע 7 האַלבפֿערזן. זי איז געווען וווּנדערלאַך צוגעפּאַסט פֿאַר יִידישער פּאָעזיע און דער ריטמיש-פּראָסאָדישער קאָנטור פֿון דער סטראָפֿע, מיט זײַן גראַציעזן און ענערגישן גאַנג האָט זייער גרינג געפֿונען חן אין דעם ווײַט-פֿאַרשפּרייטן געשמאַק פֿון יענער צײַט.

פֿאַרקערט, דער אַטאַוואַ רימאַ סטאַנס איז געווען אליה בחורס שפּאַגל־נײַער אינדיווידועלער אופֿטו, אַ דערגרייכונג וואָס דערהייבט זיך נאָך העכער, ווײַלע ווען ער האָט זיך פֿאַרמאַסטן צו שאַפֿן עפּעס נײַעס וואָס זאָל זיך ניט דאַרפֿן שעמען פֿאַר דעם איטאַליענישן מוסטער, האָט ער ווירקלאַך געמוזט פֿײַנהאַמערן דעם וואָרט־אוצר פֿון אַ דעמאָלט אַקערשט שפּראָצנדיקער שפּראַך אין דעם קאַפּריזנעם געשטאַלט פֿון אַטאַוואַ רימאַ. דורך איר נײַקייט גופֿא און איר היפּשלאַך פֿאַרפּלאָנטערטן דעסין (עס גראַמען זיך: 1—3—5 שורה, 2—4—6 שורה און 7—8, די פֿאָרמולע שטעלט דעם גראַמען־שליסל פֿאַר ab, ab, ab, cc), האָט זי געפֿאָדערט אַ היפּשן סכום ריטמישער און פּראָסאָדישער איבערדערציִונג אַפֿילו פֿון אַ הויך־קולטורעלן צוהערער.

אָבער פֿון דעם שווערן גוראַנגל איז אליה בחור אַרויס מיט אַ גלענצנדיקן דערפֿאָלג העכער אַ יאָרהונדערט פֿריִער איידער די דײַטשן איז געלונגען אײַנצופֿירן דעם אַכט־שורהדיקן סטאַנס אין זייער ליטעראַטור. עס איז וויכטיק צו געדיינקען אַז ערשט אין 1626 (דאָס הייסט 118 יאָר נאָך דעם ווי בבֿאַ־בוך איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן!) איז אַרויס פֿון דרוק אַ דײַטשע איבערזעצונג פֿון טאָרקוואַטאָ טאַססאָס באַפֿרײַטער ירושלים, די ערשטע דײַטשישע שאַפֿונג אין אָקטאַוועס, אין 12־טראָפּיק „אַלעקסאַנדרינער” (6 יאַמבן).

און נאָך אַטדי אַלע זאַכן האָבן דער דערפֿאָלג און פּאָפּולאַריטעט פֿון שמואל־בוך קיינמאָל ניט געקענט זיך פֿאַרגלײַכן מיט דעם דערפֿאָלג און פּאָפּולאַריטעט פֿון בבֿאַ־בוך אין די אויסערגעוויינטלאַך גרויסע קרײַזן יִדישע לייענערס. צווישן 1544 און 1612 (באַזעל) זײַנען געווען אינגאַנצן 6 געדרוקטע אויסגאַבעס פֿון שמואל־בוך. צי זינט יעמאָלט זײַנען געווען, און אויב יאָ איז וויפֿל, אַנדערע אויסגאַבעס, האָבן מיר הײַנטצוטאָג קיין פֿונק אינפֿאָרמאַציע. אָבער פֿון בבֿאַ־בוך זײַנען געווען זייער פֿיל אויסגאַבעס, עטלאַכע, ווי שוין פֿריִער געזאָגט, זײַנען געדרוקט געוואָרן אין הײַנטיקן, צוואַנציקסטן, יאָרהונדערט.

די פֿרײַפּליסנדיקע, כּמעט טענצלענדיקע שורות פֿון

ש מ ו א ל־ב ו ך, ווי למשל, אָטדי (7־טע סטראָפֿע, גענומען פֿון שטערק אונד לייטצמאַנן, ב י ב ע ל א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג ע ן, ז׳ 246):

נון זאש אין זעלבן צייטן צו רמה אין דער שטאט
איין מאן דער היש אלקנה, דער מאכט די ארמן זאט,
דער זעלביג מאן אלקנה האט צו זיינם לייב
חנה אונ׳ פנינה גענומן צו צוויי ווייב,*) —

אַזעלכע ריטמישע שורות, וואָס קלינגען ווי פּײַקל־גלעקעלאַך, קענען ווערן און זיי ווערן באמת מאָנאָטאָן און דערעסן נאָך אַ פּאָר צענדלינג איבערחזרונגען.

די זאַך איז גאָר אַנדערש בנוגע אויסערלאַכער פֿאָרמעלער פֿולקומענקייט אין ב בֿ אָ־ב ו ך. לאָמיר נעמען בלויז אַ פּאָר אילוסטראַציעם:

1] ווער דא וויל שלופֿן אויף הויט גאנצר׳
דער נים (=נעם) איין מייל בֿור (=פֿאַר) איין פאנצער;
(49.7-8)

אַן עכט שעקספּירישע צוויי־שורה, אַזוי עצהט טיריץ זײַן פֿאָטער און די קאַמאַראַדן זײַנע צו ראַטעווען זיך: אַנטלויפֿט אָטדי זעל־ביקע מינוטעלע, אַ מײַל צווישן אײַך און די נאָכיאָגערס איז אײַער פּאַנצער — וועט איר הײַנט קענען שלאָפֿן מיט אַ גאַנצער הויט.

2] און אָט זײַנען די דונערנדיקע שורות אין מויל פֿון בבֿאָס „בוזער" מוטער בראַנדאָניע: איר יונגער ליבהאָבער הערצאָג דאָדאָן פֿון מאגאנצא (מײַנץ) האָט פֿאַררעטעריש דערהרגעט איר אַלטן מאַן, דעם באַליבטן האַר פֿון פֿאָלק, און זי וויל זיי איבער־ריידן צו פֿאַרגעסן זייער אַלטן קיניג (35.3-4):

דא זעכט (=זעט) אן מיין ליבן מן דודן׳
דען יונגן, שט(א)רקן שטולצן ריזן׳

ווי וווּנדערלאַך אָטדי ווערטער פּאַסטן דעם בילד פֿון אַ גרויסן העלד וואָס זי וויל אַרויסרופֿן אין דעם פֿאָלקס פֿאַנטאַזיע אין קאָנטראַסט מיט זייער אַלטן שוואַכן קיניג וואָס איר ליבהאָבער האָט געהרגעט און זי וויל, זיי זאָלן פֿאַרגעסן וואָס גיכער.

---

*) איך בין ניט זיכער אַז דער אויסלייג איז אַבסאָלוט ריכטיק, ווײַלע איך האָב דאָ געטראַנסקריבירט צוריק פֿון אַ טראַנסקריפּציע מיט לאַטײַנישע אותיות. מיגלאַך אין ייִדישן אָריגינאַל, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געזען, איז אויס־געלייגט מן, זש, מכט אאַז״וו.

3] ריידנדיק וועגן דעם אומזין פֿון דער אומגלײַכער חתונה צווישן דעם אַלטן גווידאָנען און דער יונגער לעבנס־שפּרודלענ־דיקער בראַנדאָניע, באַמערקט אונדזער פּאָעט (העכער פֿיר הונדערט יאָר צוריק, אָבער גאָר־גאָר ווי עס פּאַסט אַ מאָדערנעם פּסי־כיאַטר) קאַלטבלוטיק־סאַרקאַסטיש און מיט פֿולער סימפּאַטיע און רחמנות פֿאַר דער באַוואָלהטער פֿרוי (6.6-8)׃

בײַ אים הט זיא איין קושטליך לעבן·
וואש זיא ביגערט וואור איר גיאַכֿט·
זי׳ הט גוטי טעג און בוזי נאַכֿט:

4] ווי אַ מוסטער פֿון אַ גאַנצער סטראָפֿע וועלן מיר נע־מען 440:

דורך די הויל שנורטן זי אין איינר קלייני וייל·
דא ביגונד עש הער צו טאגן·
דרוזייאנה דיא קונט ניט אזו רייטן אין אייל·
וועןְ (=ווײַלע) גנצי נויין מונט (=חדשים) הט זי
גיטראגן·
און׳ דא זיא וואָרן גיריטן וירציג (=פֿערציג) מייל·
דא הוב זי זיך אן זיר (=זייער) צו קלאגן·
זי מושטן איין ווינציג לאנצמר (=לאַנגזאַמער) רייטן·
דא זאהן זי איין שונן וואלד בֿון (=פֿון) ווייטן:

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, איז לעוויטאַס טעכנישע מײַסטערשאַפֿט אין גראַמען און פֿערזן־שרײַבן געוואַקסן מיטן פּראָגרעס פֿון שאַפֿן. דאָ וועל איך נאָר געבן עטלאַכע מוסטערן פֿון זײַנע קונציקע צוזאַמענהעפֿטן צ ו ו י י  ו ו ע ר ט ע ר  צום גראַם מיט  א י י ן  וואָרט פֿון אַנאַנדער שורה:

1] נון די ווארהייט זאָגן  ו ו י ל  א י ך·
עז דוכֿט מיר אויך זיין רעכֿט און  ב י ל י ך: (פּראָ־לאָג 11-12).

2] ווש גרושי ורייד (=פֿרייד) טרייב נון זיין  בֿ א ט י ר׳ (=פֿאָטער)
נון  ה (א) ט  ער איין בורג גרובֿן (=גראָפֿן) דען
ב א ט  ע ר׳
און׳ זולט זיין רעכֿטר  ג י בֿ א ט ר  (=קוואַטער)׳
(8.1,3,5)

דאַ האָבן מיר פֿאַר אַ צוגאָב נאָך אַן אינעווייניקסטן צווייוואָרטיקן גראַם ה(א)ט ער, פּונקט ווי אין מיטן פֿערז „אין דעש קוניגש קאמר קאם ער היניין" (206.1).

3] אורלב נם ריצרד אונ׳ בון איר שיד ער׳
דוך גידוכט ער אן זיין הערן אלזא בידער׳
ער הט אופט מוט אום צו קערן ווידר: (5, 3, 1, 19).

4] אז בלד אז ער עש אישט (=עסט) זא דר שט(א)רט ער׳
מה ריוח דש איך אין אזו לנג מ(א)רטער: (7-8, 65).

5] ווערשטו נורט איין וויניג גלייכר׳
איז ער ווייז זא אנט ווייך ער׳ (6, 4, 126)

6] ער היש גרוב אוגלין דיש קוניגש ביטר׳ (=פֿעטער)
אונ׳ דש דוזיג אלז (=אַלץ) גיזעהן העט ער: (7-8, 169)

דאַ איז אויך וויכטיק צו באַטאָנען אַז אין גראַמען האָט אליה בחור ניט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן די יִדישע (=גערמאַנישע), העברעיִשע און איטאַליעניִשע ווערטער: יעט-ווידער וואָרט פֿון איין שפּראַכלאַכן באַשטאַנדטייל האָט ער געגראַמט מיט ווערטער פֿון אַנדערע גרופּעס.

מיר האָבן דערמאָנט אַז לעוויטאַ איז געווען אַ מענטש ווי דער לאַטייניִשער שריפֿטשטעלער טערענצי האָט זיך פֿאַרגע-שטעלט דעם אמתן מענטשן, — און דער ראָמאַנטיזם פֿון דער ריטערלאַכער עפּאָכע האָט באַרירט קרובֿישע סטרונעס טיף אין זייַן נשמה און האָט געפֿונען אויסערגעווייִנטלאַכן חן אין זייַנע אויגן און ביז גאָר פֿאַרכאַפּט זייַנע עמאָציעס און פֿאַנטאַזיע.

מיט אַ צונעמעניש בחור האָט ער פֿרייַ אַרויסגעזאָגט זייַן ליב-האָבן פֿרויען, און ווען דער אומשולדיקער יִנגל בבֿאָ קערט זיך אָפּ פֿון דער הייסבלוטיקער אַכצניאָריקער דרוזיאַנעס צו האַסטיקע ליבעדערקלערונגען (דערמאָנט זיך ווי אַנאַנדער איטאַ-ליעניִשע מיידל — אַ קינד, שעקספּירס פֿערצניאָריקע דזשוליעטע פֿאַרגעסט זיך אין גוואַלדיקן עקסטאַז פֿון ליבע!) — איז ווען בבֿאָ לאָזט אַראָפּ די אויגן, מאַכט לעוויטאַ געמיטלאַך:

„אבר ווי ווינציג ווער עש אליה בחור גישעהן": (136.8) —
„אַזוינס וואָלט קוים געקענט זיך טרעפֿן מיט אליה בחורן".

אָבער פֿון דעם צו קומען באַשולדיקן אליה בחורן אַז ער

איז געווען אַ מין אומפֿאַרענטפֿערלאַכער לץ און האָט געשריבן אַ מין פּאָרנאָגראַפֿישן ראָמאַן איז שוין גאָר אַנאַנדער זאַך.

אונדזערע ליטעראַטור־היסטאָריקער ציילן אויס זײַנע חטאים. ערשטנס פֿאַלן אַף יענע זאַכן, וואָס לעוויטאַ האָט ניט געשריבן און מע האָט זיי אַרויסגעפֿישט פֿון פֿאַרקריפּלטע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס, איידער ד"ר ווײַנרײַך האָט געפֿונען דעם ערשטדרוק פֿון 1541.

קיין בייזע כּוונות האָט מען דאָ ניט געהאַט, אָבער די באַשול־דיקונגען זײַנען אין תּוך געווען פֿאַלש און האָבן געקריווודעט אליה בחורן.

1] מע האָט געטײַטש אַף אליה בחורס לצונות און מע האָט געציטירט: עס זײַנען געקומען צו בבֿאָס חתונה „פֿיל לצנים" און „בײַ פּופּציק פֿרעמדע מנינים". אין ערשטדרוק איז בלויז 3 (ניט פּופּציק) מנינים, און עס איז געווען ח צ ו נ י ם, ניט ל צ נ י ם. (638.7)

2] עריק ווײַזט אָן אַף (269.5) „ער דערשטיך דאָס פּפֿערד אַז איין וו אַ נ ץ". אין אָריגינאַל שטייט: „און שטאָך עש דעם פּפֿערד אין זיין פּ אַ נ ץ" (=בויך)! אָבער אַן אופֿגערעגטער קולטורעלער מענטש קען אַפֿילו הײַנטצוטאָג זאָגן וועגן אַנאַנדערן, וואָס האָט אים דערצאָרנט: „איך וועל אים צעקוועטשן ווי אַ וואַנץ". בלויז אַ היפּערבאַלישער אויסדרוק פֿאַר דעם אומגעהײַערן אונטערשייד צווישן די קעגנערישע כּוחות!

3] ווידער ציטירט עריק ווי בבֿאָ זעצט אַרוף דעם קראַנץ אַף דרוזיאַנעס קאָפּ: „ער זעצט איר אויף און' אים קאָפּף ז י זיך קראַצט". אין ערשטדרוק איז עס: „ער זיצט אירש אויף און' אין קופּף זיך קראַצט" — ע ר קראַצט זיך ווי אַ פֿאַרשעמ־טער יינגעלע וואָלט עס נאַטירלאַך געטאָן (138.7). און אַפֿילו מיט עריקס טעקסט, ווער זאָגט עס אַז מע קראַצט זיך אין קאָפּ נאָר . . . ווען עס בײַסט דאָרט?..

און דאָס איז אויכעט ניט קיין שאַנד: ווען דיגענעס אַקריטאַס, דער גרויסער העלד פֿון גרעקישן מיטלאַלטערלאַכן פֿאָלק עפּאָס (10—11 יאָרה.) קומט אַהיים, זעצט זיך זײַן מוטער אַפּדרערד, ער לייגט דעם קאָפּ איר אין שויס און זי נעמט אים

לויזן דעם קאָפּ — דער שטאַרקפּאַרשפּרייטער נאַטירלאַכער אויסדרוק פון צאַרטער מוטערליבע אין אַלע ליטעראַטורן פון 12—13 יאָרהונדערט. אַלץ איז אַ פראַגע פון צייַט, אָרט און געזעלשאַפט!

אַפילו דער באַרימטער רוסישער פּאָעט דערזשאַווין (1743—1816), דערציילנדיק ווי ער פאַרברייַנגט זייַנע לעצטע יאָרן מיט דער ווייַב אין זייער דאָרף, דערמאָנט איין צייַטפאַר־טרייַב: „איך ווער פון מייַן ווייַב דורכגעזוכט אין קאָפּ“*), און ער האָט בשום אופן ניט געלצעוועט אָדער געוואָלט שרייַבן גראָבע אומאָנשטענדיקע זאַכן!

אויב נ. שטיף האָט געשריבן מיט מער גאַל און כּעס ווי אַנדערע, איז האָט ער כּמעט געשריבן וועגן די זידל־פּאַסקווילן המבֿדיל און שׂריפֿה פון ווענעציע הויפּט־זאַכלאַך און האָט גערעדט פון בבֿא־בוך פאַרבייַגייענדיק. אָבער שטיף אַליין האָט געזאָגט אַז די גאַנצע עפּאָכע איז געווען אַזאַ און ער האָט געציטירט דיזעלביקע „מגושמדיקע אָפּנקייט אין אויסדרוק“ פון מלכים־בוך (1543) און שמואל־בוך (1544).

ד״ר מאַקס עריק צייכנט זיך ספּעציעל אויס צווישן די ליטע־ראַטור־היסטאָריקער וואָס טייַטן מיט בייזע פינגער אָף אליה בחורן. אין געשיכטע פון ייִדישער ליטעראַ־טור, ז׳ 194 (וואַרשע 1928) זאָגט ער: „מיט גרוים הנאה ווערט באַשריבן, ווי בבֿא און דרוזיינה פייַערן זייער ליבע... דער ליבע־מאָמענט ווערט געשילדערט אין גרעלע שאַרף־פיזישע פאַרבן, אָן קיין שום גייַסטיקער אָדער ראָמאַנטישער פאַר־טיפונג...“

אַ לייענער פון עריקס בוך וואָלט דאָך זיכער פון די ווערטער עריקס געדרונגען אַז אין דעם איטאַליעניש אָריגינאַל איז דער עפּיזאָד באַהויכט מיט דער זעלטנסטער קווינט־עסענציע פון גייַסטיקער און ראָמאַנטישער פאַרטיפונג און אליה בחור האָט פונדערפון געמאַכט אַ סצענע פאַרן געשמאַק פון בעלי־עגלות. איז לאָמיר נעמען צוערשט די דרייַ פאַרשיידענע איטאַליענישע ווערסיעס.

---

*) Женою в голове ищуся.

1] דערנאָך האָט ער מיט די אָרעמס אַרומגעכאַפּט
דרוזיאַנעס האַלדז,
האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויפֿן גראָז;
דרײַ מאָל האָט ער זי . . . ווי דער בוך דערציילט,
אין יענער שעה איז די דאַמע געוואָרן טראָגעדיק
מיט צוויי זכר קינדערלעך ווי דער געזאַנג זאָגט;
איינעם האָט מען אַ נאָמען געגעבן סיניבאַלד,
און דער אַנדערער דער הויכגעאַכטער גווידאָן.
דער ערשטער איז געווען אַ קיניג, דער צווייטער
אַ באַרימטער הערצאָג.
דערנאָך איז בבֿאָ אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

דאָס זײַנען די שורות 1280—1289 פֿון דעם עלטסטן (ווענעציאַנער) צוויי־פֿערזיקן געגראַמטן נוסח, וואָס פּיאָ ראַינאַ ציטירט.*) אין דער דריטער שורה האָב איך ניט איבערגעזעצט ( . . . . . ) דעם גראָבן איטאַליענישן וואָרט פֿאַר סעקסועלע באַציִונגען.

2] שטייענדיק בײַדע אַזוי בײַ דעם וואַסערקוואַל
האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט אויפֿן קילן גראָז
אויפֿדערערד.
די ליבע האָט בבֿאָן געדריקט בשעת ער האָט
גערעט,
ער האָט שוין מער ניט געקענט (אויסהאַלטן),
האָט זי געדריקט אין די אָרעמס,
און קושנדיק זי אין די ליפּן און צערטלענדיק זי
האָט ער געזאָגט זייער האַסטיק מיט אַזדי
ווערטער:
„אַ מײַן שיינע און שטראַלנדיקע ד אַ מ ע,
איך וויל מיט אײַ ך האָבן געשלעכטלאַכע
באַציִאונגען".
דאָ אויפֿן אָרט האָט ער געגלוסט אָפּריכטן
מיט איר אַ באַציִונג אין אַ געשלעכטלאַכן אַקט
איידער דער אַפּעטיט איז בײַ אים אַפּגעגאַנגען.

*) Pio Rajna, *Ricerche intorno ai Reali di Francia* (Bologna, 1872), p. 530.

ע ר ה אַ ט ע ס ג ע ט אָ ן צ ו ו י י מ אָ ל
א ו ן ע ס ה אָ ט א י ם נ י ט פֿ אַ ר ש אַ ט.

(ווײַטער חזרט זיך איבער דער אויסדרוק „ג ע ש ל ע כ ט-ל אַ כ ע ליבע" און ווי דרוזיאַנע איז געוואָרן טראַגעדיק מיט צוויי יינגלאַך ווי אין 1] אויבן.)

דאָס איז פֿון דער טאָסקאַנאַ אין 20 קאַנטאָס (ווענעציע 1491) ז׳ 45.

3] אין דעם ט אָ ס ק אַ נ אַ דרוק אין 22 קאַנטאָס (באָלאָ-ניע 1497), דעם איינציקן מיגלאַכן אָריגינאַל וואָס לעוויטאַ האָט גענוצט — קיין אַנדער אויסגאַבע אין 22 געזאַנגען ביז אין יאָר 1537 (ווענעציע) איז ניט באַקאַנט — ווערט דער ליבע-עפּיזאָד איבערגעגעבן אָט וויאַזוי:

„דערנאָכדעם האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט לעבן
יענעם קוואַל
האָבן זיך אָפּגעפּרישט די הענט און דערנאָך
דעם פּנים
און שטייענדיק אַזוי אַ ווײַלע זיך אויסצורוען,
זײַנען זיי ביידע געוואָרן פֿאַרכאַפּט פֿון ליבע,
און שמועסנדיק אַזוי האָבן זיי זיך גענומען
האַלדזן,
מיט גרויסער צאַרטקייט און פֿריידיקן האַרצן,
און דאָרט באַלד גענומען פּראַווען די חתונה,
איינער מיט דעם אַנדערן און מיט גרויסער הנאה,
ב אַ פֿ אַ ל נ ד י ק מ י ט ד י נ אַ ט י ר ל אַ כ ע
ג ע װ ע ר, ה אָ ט ב ב אַ
ע ס ג ע ט אָ ן צ ו ו י י מ אָ ל אָ ו ן ע ס
ה אָ ט א י ם נ י ט פֿ אַ ר ש אַ ט.

דאָס זײַנען די סטראָפֿעס 2—3 אױף בלאַט *C3a*, און ווײַטער קומט כּמעט פּינקטלאַך דאָסזעלביקע, אַז דרוזיאַנע איז געוואָרן טראַגעדיק מיט צוויי יינגלאַך, ווי זיי האָבן געהייסן, ווי שיין און קלוג און באַרימט זיי זײַנען געוואָרן אַאַז״וו.

קען מען אַזעלכע בילדער אָפּשטעלן ווי מוסטערן פֿון „גײַסטיקער אָדער ראָמאַנטישער פֿאַרטיפֿונג"? איך מיין אַז מײַנע לייענער וועלן מיט מיר אײַנשטימען אַז בשום אופֿן ניט!

און איצטער לאָמיר אַ קוק טאָן אַף דעם ליבע־עפּיזאָד אין בבא־בוך און פּראָבירן דערגיין וואָס האָט דאָרט אַזוי דער־צאָרנט עריקן.

דא וארן זי גיריטן זיבנציג מייל
דא ואנדן (=האָבן זיי געפֿונען) איין ברונן שון
אויש דער מושן (=מאָסן)
דא שטייגן זי אב דא ביי דעם ברונן
אונ׳ רוטן (=האָבן גערוט) דו (=דאָ) אן דער
זונן: (349.5-8)

און איצטער קומט דער עפּיזאָד גופֿא, אינגאַנצן איין סטאַנס פֿון 8 שורות! (350)

און אשן (=האָבן געגעסן) ווש זי הטן ביי דעם
קוואל
און וארן זיך גנץ ווידר דר קוויקן
דר נוך הוב זיך די ורייד (=פֿרייד) ערשט אל
בבא דער טעם (=האָט געטאָן) ווש ער הט צו
שיקן (=טאָן)
דרוזייאנה שרייא אז איין דיבא אים שט(א)ל
אך דורפֿט ער זי אין קמפֿא (קאָם) ניט פיקן
וועז (=ווײַלע) זי ווש (=וואר) אים צו מול ניט
אויז ווייכן
ווש זי דראן גיוואנן דש זולטו אן די צין (=ציין)
שטרייכן:

אין אונדזער ייִדיש מיינט עס:
און בא דעם קוואַל האָבן זיי געגעסן וואָס זיי האָבן
מיטגעהאָט,
און האָבן זיך אינגאַנצן ווידער דערקוויקט.
ערשט דערנאָכדעם האָט זיך אָנגעהייבן די גאַנצע
פֿרייד.
בבא האָט געטאָן וואָס ער האָט געהאַט צו טאָן.
דרוזיאַנע האָט געשריִען ווי אַ „דיב" אין שטאַל;
אויך האָט ער זי ניט געדאַרפֿט פּיקן אין קאָם
[ווי אַ האָן טוט אַ הון!].

ווײַלע זי האָט אים גאָר ניט אויסגעווײַכט [און
ארויסגעדרייט זיך].
וואָס זיי האָבן דורך דעם געווונען, זאָלסטו זיך אָפּ
די ציין שטרייכן:

די ב א האָט מען געטײַטשט גנבֿ (דײַטש Diebe). אָבער פֿאַרוואָס זאָל אַ גנבֿ אַזוי שרײַען אין שטאָל, ווען ער וויל אַפּטאָן די זאַך שטילינקערהייט, קיינער זאָל ניט וויסן בשעת ער טוט עס? דער אמת איז אַז דאָ מיינט דיב(א) — אַ גנבֿה, אַ געגנבֿהטע זאַך, אַ לעבעדיקע חיהלע — אַ קעלבל, שעפּסעלע, ציגעלע, הינדל, הינטל, וואָס שרײַט און קוויטשעט אַ גוואַלד ווען אַ גנבֿ כאַפּט עס אין שטאָל אינדערפֿינצטער.

איך מיין, אַז דאָ האָט דער הייסבלוטיקער אליה בחור געשריבן זייער בילדעריש. און ווען מע קלאָגט זיך, אַז דאָס איז גראָב, מגושמדיק אַאַז״וו, וויל איך געבן אַ פּאָר אינטערעסאַנטע ציטאַטעם:

אין א י י ן כּ ל ה ל י ד געשריבן פֿון דעם באַרימטן הגאון מהרר יעקב אולמאָ ז״ל (געשטאָרבן אַרום 1618) וואָס איז געדרוקט צום סאַמע סוף פֿון דעם ייִדישן מ י נ ה ג י ם (צווייטע אויסגאַב, מיט האַלצשניטן, ווענעציע 1593) געפֿינען זיך אָט די שורות; ער מוסרט דעם חתן:

„רעכט טו בגלויקן,
„מיט ווז דו הושט צו שיקן. (12.1-2)
און ווענדט זיך צו ביידן, ספּעציעל דער כּלה:
„טו איינש ווש דז אנדר וויל,
„זא וערט איר אז גוטש וויל. (14.4-5)

„וער דז אנדר אויבר ווינט דער איז דער
„ג(י)רעכטר״. (14.15)

פּונקט די ווערטער פֿון בבֿא־בוך (ו ו א ס מ ע ה א ט צ ו ש י ק ן), און די כּלה זאָל טאָן וואָס דעם חתן גלוסט זיך.

אָבער דער בליק אויף דעם גאַנצן ענין פֿון מאַן־און־ווײַב באַציִונגען און פֿליכטן גייט צוריק אַסך טיפֿער אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אַרײַן. מע האָט מיר געגעבן אַ ציטאַטע פֿון תּלמוד,

וואָס זאָגט בפּירוש אַז אַ כּשרה פֿרוי איז יענע וואָס טוט איר מאַנס ווילן: אשה כּשרה — עושׂה רצון בעלה.

זאָל מען מיך נאָר ניט שלעכט פֿאַרשטיין, אַז איך וויל ריינ־וואַשן אליה בחורן. מע מוז געדיינקען אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ ריטערלאַכן ראָמאַן אַנהייב 16־טן יאָרהונדערט, און אַז דער דעקאַמעראָן (1348—1350) האָט זיך שוין פֿאַרשפּרייט צווישן די לייענערס פֿון אַלע קולטורעלע שיכטן נאָך לאַנג פֿאַר אליהס צײַטן!

און אויב אַפֿילו עס איז צו גלויבן אַז די גאַנצע טראַדיציע איז ניט זיכער אָדער זי איז גאָר אַפּאָקריפֿיש, דאַרף מען האָבן אין זינען וואָס פֿאַר אַ שמועסן מע האָט געפֿירט אין הויף פֿון דער איינגלישער קיניגין עליזאַבעט בשעת זי פֿלעגט פֿאַרברענגען די צײַט מיט איר אינטימען קרײַז פֿרײַנט — די אָנגעזעענע שריפֿט־שטעלער און שטאַטסלײַט — ווי די טראַדיציע גיט איבער.

אויב מע וועט זאָגן, ווי מע האָט געזאָגט, אַז דאָס זײַנען געווען ניט־ייִדן, און אַז די ייִדישע קרײַזן זײַנען געווען באַלעבט מיט העכערע עטישע פּרינציפּן, וועל איך אָנווײַזן אויף עטלאַכע דאָקומענטן.

1] אין ביבליאָטעקע פֿון קעימברידזשער אוניווערסיטעט (אין איינגלאַנד) געפֿינט זיך אַ מאַנוסקריפּט (געשריבן אין 1504) אַ געגראַמטער סדר נשים, וואָס דער ערשטער טייל פֿון אים איז איבערגעדרוקט געווען אין ווענעציע אין 1552 (אַן עקזעמ־פּליאַר איז דאָ אין דער ביבליאָטעקע פֿון ניו־יאָרקער ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר) — זיכער ניט קיין שונד־ראָמאַן פֿון אַ מין וואַנדערנדיקן פּאָעט־דעקלאַמאַטאָר, אליה בחור. אויף בלאַט 380ב ווערט באַשריבן ווי די פֿרויען שמועסן וועגן דער כּלה אַפֿמאָרגן נאָך דער חופּה: „די נשים זאגן איר עדות אל(ע) וויא זי הוט גשריאן אז איין דיפ(א) אין דעם שטאל". אָבער דאָס זײַנען פּונקט די ווערטער וואָס עריק זאָגט מיט אַ שטעכווערטל וועגן זיי אַז „מיט גרוים הנאה ווערט באַשריבן, ווי בבאָ און דרוזיינה פֿײַערן זייער ליבע". עס איז קלאָר אַז אונדזער פּאָעט האָט געבאָרגט דעם אומשיינעם זאַץ אינגאַנצן פֿון אַ פֿרומען ספֿר, אָדער ווייניקסטנס, איז עס געווען אַן אַלגעמיין אָנגענומענער

פֿאַרגלײַך-אויסדרוק אין מויל פֿון פֿאָלק.*)

אַ בלאַט ווײַטער 81ב ווערן באַשריבן די מנהגים נאָך דער ברית-מילה: „נאך דער ברית אן דעם טאג דעם דריטן. זו קומן די ורויאן אלט אונ׳ יונק דא הער צו שלייפֿן (גנבֿהן זיך אַרײַן). אייני בֿאר (=פֿאַר) דיא אנדר נאך דעם קינד זי אן די מילה גרייפֿן. דש לושן זי יא ניט הלט. ליבר טעטן זי עש ווער עש אלט״. און בשעת באָדן דעם קינד „זי גרייפֿן אים ניוואך (=נעבאָך) ווש אים אים אישט אוואנצערט (=רוקט זיך פֿאָרויס)״.

2] אין דעם איינציקן עקזעמפּליאַר פֿון בר יקרם תּפֿילה, אינגאַנצן אין ייִדיש (איכענהויזן 1544, ביז דער מלחמה אין מינ־כענער שטאַט-ביבליאָטעק) זאָגט דער איבערזעצער (אַרויסגע־בער?) אַף דער פֿאַרלעצטער זײַטל, רעקלאַמירנדיק זײַן סידור אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿריִער געמאַכטע אַנדערע: „עש איז אזא גרושר אונטר שאייד אז צווישן איינם אלטן ווייבא אונ׳ איינר יונגן מאיידן (=מיידל)״, — כּמעט די לעצטע ווערטער אין אַ ספֿר תּפֿילה!

3] אין מראה המוסר (1610) איין „געטליך אונ׳ וועלט־ליך ספֿר״, געפֿינען מיר אַזאַ שפּריכוואָרט פֿאַרגלײַך 5b (אשר יגע לקנות ספֿרים ...) „דער אזו פֿיל ספֿרים קפֿט (=קויפֿט) און פֿרשטיט זיא ניט, פֿאַרגלייכֿט זיך איינם קאך דער דא בראט און זיד(ט) פֿר אנדרי לייט אונ׳ ער עשט זיא ניט, און גלייך איינר דער איין בתולה נעמט און וויישׁ זיא צו ברויכֿן ניט.״

נאָך אַזעלכע ציטאַטעס פֿון הייליקע ספֿרים טאָר מען מער קיינמאָל-ניט עפּעס אויסזעצן אַנטקעגן בבֿא-בוך און זײַן פֿאַרפֿאַסער!

ווי אַן „אופּטו״ זײַנעם האָט מען געלויבט אליה בחורס „פֿאַרייִדישונג״ פֿון דעם איטאַליענישן אָריגינאַל דורך העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן, ווי למשל: מע גיט דרוזיאַנען אָפּ מזל טובֿ ווען זי ווערט בבֿאָם כּלה; דרוזיאַנעם קרובֿה לויפֿט

---

*) שטיף ציטירט דיזעלביקע ווערטער (איר שרייאט אלזו זער אלש איין דיב אין איינם שטאל) פון שמואל-בוך, אוגסבורג 1544, I, 92ב. פגל. מינסקער שריפטן, ז׳ 159.

איר „געבן ש ל ו ם"; מע דערציילט אַ געשעעניש „פֿון א ל ף
ביז אן דער ת י ו". אָבער דאָ אין ניו־יאָרק, צווישן מענטשן וואָס
ריידן נאַר איינגליש, און אַמאָל קענען קיין ייִדיש אינגאַנצן ניט —
איז מזל טובֿ דער איינציקער פֿאַרשפּרייטער אופֿן צו „גראַטולירן"
די גליקלאַכע עלטערן פֿון אַ טאַכטער וואָס באַקומט דעם דיפּלאָם
אַף אַ בארנארד קאָלעדזש „קאַמענסמענט". און ווי אַנדערש האָט
דרוזיאַנעם קרובֿהטע געקענט זאָגן אויב ניט: „כ'ל איר גיין
געבן ש ל ו ם", ווען זי איז געלאָפֿן אַרומצוכאַפּן די אַנגעקומענע
דרוזיאַנע? ווי אַנדערש קען מען זאָגן „פֿראַם עי טו זי", „פֿראַם
אַלפֿאַ טו אָמעגאַ"*) אויב ניט פֿון א ל ף ביז ת ו, ווײַלע דער
אַלף־בית איז דערזעלביקער אין העברעיִש און ייִדיש?

די העברעיִשע ווערטער האָט אַ בלינדער געקענט באַמערקן
אין ב בֿ אַ ־ ב ו ך, אָבער די העברעיִשע ווערטער זײַנען קוים
מערער ווי די איטאַליעניִשע, נאָר פֿונדערפֿון איז ניט געדרונגען,
אַז לעוויטאַ האָט „פֿאַראיטאַליעניזירט" דעם ראָמאַן. דאָס זײַנען
ריין־מעכאַנישע פּונקטן פֿון „פֿאַרייִדישונג" און דערצו איז געווען
אומנייטיק צו זען אַן איטאַליעניִשן אָריגינאַל און וויסן וואָס דאָרט
טוט זיך.

איך פֿאַרשווינלאַך מיין אַז די דרײַ סטאַנסן (441—443)
וואָס באַשרײַבן ווי דרוזיאַנע גייט צו קינד מיטן צווילינג, אין דער
ווילדערניש פֿון וואַלד, ווען זי וויינט און קלאָגט ווי אַ דורכשניט־
לאַכע ייִדענע, אַז זי איז אַן „עלנטע" אַן טאַטע־מאַמע און אַן אַ
הייבן וואָס זאָלן אופֿוואַרטן און אופּפּאַסן אַף איר, זי לאָבן און דער־
קוויקן, — און דערנאָך דער געטרײַער האַלב־מענטש, האַלב־הונט
פּעלוקאַן מאַכט אַ מין סוכּה און אַ געלעגער און העלפֿט בבֿאַן מיט
גרויסער צאַרטקייט „נעמען" די נײַגעבאָרענע, און לסוף באַ־
פֿאַלט ער אַ מאַנאַסטיר און פֿאַרכאַפּט כּל המינים עסנוואַרג פֿאַר
דרוזיאַנען, אָבער ספּעציעל די הינער און האָט אַזויאַרום הינער־
יויך וואָס אַ ייִדישע פֿרוי באַטראַכט ווי אַ מוז פֿאַר אַ קימפּעטאָרן,
— אַזאַ סצענע גיט צו הונדערט מאָל מער אַמתדיק־ייִדישלאַכן
קאָלאָריט און כאַראַקטער ווי אַלדי העברעיִשע ווערטער און אויס־
דרוקן אינאיינעם צוזאַמענגענומען.

---

*) From *A* to *Z*, from *alpha* to *omega*.

און דאָסזעלביקע קען מען זאָגן וועגן סטאַנס 25. בראַנדאַניע
פֿאַרשטעלט זיך טיף אין דער נאַכט אַז זי איז שרעקלאַך קראַנק,
און שרייַט און קערט די וועלט אַז אָט־אָט זי שטאַרבט.
דער אַלטער קיניג, ווען זי פּלאַנעוועט מאָרגן אומצובריינגען,
בריינגט איר דעם נאַכט־טאָפּ, אפֿשר קען ער איר מיט וואָס העלפֿן:
„הארץ מיַינס, טיַיערע, וואָס פֿעלט דיר?" עס איז איבעריק צו
זאָגן אַז אין איטאַליעניש מקור האָט זיך דער קיניג אַזוי ווייַט ניט
דערנידעריקט, דאָס איז אַ טיפּישע סצענע פֿון אינטימען ייִדישן
פֿאַמיליענלעבן.

ווען בבֿאָ, שוין אַ דערוואַקסענער, באַווייַזט זיך פֿאַר זיַין
קוואַטער סיניבאַלדס זון, טיריצן, זיַין אַמאָליקן עלטערן חבֿר, וואָס
דערקענט אים שוין ניט, נאָך די אַלע סכּנת־נפֿשות און צרות
וואָס בבֿאָ האָט איבערגעלעבט אין די צווישנדיקע יאָרן, — איז
טיריץ מיט זיַינע רעקרוטן ווערן פֿאַרגאַפֿט פֿון בבֿאָס העלדישער
פֿיגור און פֿאַרגלייַכן אים מיט העקטאָרן און פּיאַראַוואַנטע. אי
פֿון די האָמערישע שלאַכטן אַרום טראָיע אי פֿון די מיטלאַלטער־
לאַכע איטאַליענישע מלחמות האָט די ט אָ ס ק אַ נ אַ דאָ געשעפּט
נעמען פֿון גרעסטע העלדן וואָס וואָלטן געוווען טויטע ווערטער
פֿאַר לעוויטאַס לייענערס אָדער צוהערערס. האָט ער די צוויי
נעמען פֿאַרביטן מיט דיטריך פֿון בערן און הילדעבראַנט (512.7-8),
די העלדן פֿון די פּאָפּולערסטע ייִדישע ריטערלאַכע נאָוועלעס און
דערציילונגען, פּונקט יענע וואָס אַלע פֿרומע מוסר־ספֿרים האָבן
שטענדיק געדונערט אַנקעגן זיי, אין די הקדמות פֿון: ייִדישן
ח ו מ ש (קאָנסטאַנץ 1544); אליה בחורס תּ ה י ל י ם איבער־
זעצונג (ווענעציע 1545); ש י ר ה ש י ר י ם (קראָקע 1579);
און מ ע שׂ ה ־ ב ו ך (באַזעל 1602).

און פּונקט אַזוי, ווען אליה בחור האָט געוואָלט מאַכן קלאָר
און פֿאַרשטאַרקן אין די מוחות פֿון זיַינע ייִדישע לייענערס אָדער
צוהערערס די גדולים פֿון מעדיצינישער געשיכטע, גאַלענוס און
היפּאָקראַט וואָס די ט אָ ס ק אַ נ אַ דערמאָנט זיי, האָט ער צו די
צוויי, גאַלייענוס און אפּוקראַט, צוגעגעבן דעם וועלט־באַרימטן
ייִדישן דאָקטער אבן צענה (אוויצענאַ, איבן־צינאַ) אין 570.3-5.
אין אָט די ערטער (איך האָב גענומען בלויז עטלאַכע) האָט

446.

וולקש לוף ער הינאן בי: אן דש הויז · אונ׳
קלוספֿט אן מיט אײנם שטעקן · אײן קליין
מוכבֿלײן זאך צום ועבשטר אויש · אונ׳ בֿיל גלײך
הינטר זיך בֿור שרעקן · אונ׳ מיט אײנם אנגשט
אונ׳ גרויז · לוף עז בֿון דעם ועבשטר הין וועקן ·
אונ׳ זאגט דעם אסט מיט שרײאן אונ׳ וויינן ·
עש שטיט אײנר בֿור דער טויר דער גיט אוין ויר
ביינן :

447.

ער קלוספֿט אן אונ׳ וויל יא הריין · קיין שויינליכֿר
מן הון איך ביא גזעהן · דער אסט דער שפרך
ווער מג עש זיין · צו דען אנדרן מויכֿן הוב ער
אן צו ייעהן · גיט זעכֿט וולקש אונ׳ לושט אין ניט
איין · עש לוסֿן דא הין זעכֿט אירר ציהן · אן
דש ועבשטר אונ׳ זאהן אין קלוספֿן · אונ׳ בֿור
אנגשט לאגן אויף אין די טרוספֿן :

448.

איין אלטר מונך שריי הינאב · ווש זאל זיין דש
קלוספֿן אונ׳ שטושן · דו קומשט דוך ניט הריין
דש גלאב · דרום היב דיך וולקש דיין שטרושן
· דער אסט דער וויל אונז ניט געבן דר לאב ·
דש מיר דיך נוך נימן איין העד לושן · סעלוקאן
שפרך איך וויל אוייכֿש מכֿן זויאר · אונ׳ מיט אל׳
וירן קלעטרט ער אויבר די מויאר : אונ׳

449.

אונ׳ שפרכן היכאב גלייך ווי איין בוק · די מוינך
אן פֿור אים הין ווען ווהן · צו דעם אפט ופֿן זי
אובר שטיין אונ׳ אובר שטוק · מיט איינם גרושם
גישריי איין הוהן · דער אפט היש וייטן די שטורם
גלוק · אונ׳ אז בלד אז זי זי הלטן אן גצוהן · דא
קאמן די מוינך אן גגאנגן · מיט גרושן קנוטלן
אונ׳ מיט שטאנגן :

450.

אונ׳ שפרכֿן צו אים מך דיך דר פֿון · אין דעם
קלושטר זולשטו ניט בלייבן · ווש זול איין הונט
ביי אונש טון · וולשטו לערנן אודר וולטו שרייבן
· עש וואר ווארן וואל אירר צוויינציג כון · מיט גוואלט
וואלטן זי אין הינויש טרייבן · איר קוטן הובן זי
אן אויך צו שורצן · איינר וואר אין מיט איינם
הולץ שוך דש ער וואש שטורצן :

451.

אונ׳ ער פֿור ווידר אויך מיט צורן גרוש · אונ׳ גנגן
די מונך הוב ער זיך אן צו ווירן · זיין שווערט נם
ער אין זיין העגדן בלוס · אונ׳ איר הויט וואר ער
אין צו בירן · ער היב אין זי דש דש בלוט פֿון אין
פֿלוס · אירי דריי מכֿט ער די גאגן אויך קירן ·
ווען ער האט זי גשלאגן אויך אירי פלאטן · דאש
זי די ועשפר צום ארש אויז גיוושן האטן :

אזו באלר

י ה

452.

אזו באלד אז דש דר זאך דער אפט · ווי באלד
וואר ער דר פֿון גיוושן · סעלוקאן דער היט אין
זושט אויך דר שנאפט · היט ער זיך ניט הין וועק
ור שלוסן · אין זיין קאמר וואר ער היביין גיטראפט
· אבר די טור הט ער ניט גיוושן אוסן · ער שלוש
צו מיט איינם רינגן אודר דרייאן · אונ׳ ליגט זיך אן
דש ועבשטר אונ׳ הוב אן צו שרייאן :

453.

זג מיר ווארום בישטו קומן הער · ווארום ווישטו
אונז בעמן אובזר לעבן · סעלוקן שפרך עש איז
מיין בינגער · דש איר מיר עשן אונ׳ טריבקן זולט
גיבן · דא דש הורט דער אפט וויא ורא וואר ער
· ער שפרך זג מיר בורט ווש דיר איז עבן · איין
מול וויל איך לושן צו ריכֿטן אונז בידן · דש דו מיר
בישט ווישט טון דש זושטו מיר גירידן :

454.

סעלוקן דער שפרך פֿורכֿט אייך ניט מין · איין
גלייט זאג איך אייך צו אים רעכֿטן · דער אפט
בינגנד הרויש צו גין · אונ׳ לוקש זאגט ער צו אל
זיינר קנעכֿטן · דש זי זיך צו מול ניט זולן זויימן
מין · הובר אונ׳ געבז זולט איר וויל שעכֿטן · אונ׳
איין טייל זולט איר ברוטן אונ׳ איין טייל זידן · וועון
מיט דעם ערבר מאן וויל איך מאכֿן איין ורידן :

די קנעכֿט די

455.

די קנעכ̄ט די טעטן אז ער הט גזייט · אוב׳ גאר
וואלקש הובן זי אן צו קוכ̄ן · ויל הובר אוב׳ געבז וואָרן
דא ביריט · איין וייש קאלב הטן זי גשטוכ̄ן
· אל די מובך די זיך הטן הין אוב׳ הער ור שפרייט
· די קאמן אל הער בֿור גקרוכ̄ן · זי זיצטן זיך צום
טיש אוב׳ טראבקן אוב׳ אשן · דער אפט אוב׳
סעלוקן אובן אן זאשן :

456.

סעלוקן דער אש זיין בויך ואל אן · ווען ער הט ביט
געשן אין צוויין טגן · דער בוך שפרך דער אפט
צו סעלוקן · ווש דו מין בינערשט דש זולשטו מיר
זגן · סעלוקן שפרך דו ערבר מן · דו מושט מיר
דר לאבן הין וועק צו טראגן · עשן אוב׳ טרינקן דש
איך מיט קאן שפייזן · מיין אנדרי גזעלן אודר איך
זויל זיא אויך הריין וויזן :

457.

דא דער אפט דש הורט דר שראק ער זער · ער
וארכ̄ט די אנדרן וערן עש אויך איבן · אוב׳ שפרך
בים דיר בוך דייבר איר · אלש דש דיר איז אין
דייבם זיבן · דו דרפ̄שט ביט זורגן דש איך דיר
בישט וויר · אוב׳ ביטמשטן אלש וש דא איז היבן ·
סעלוקן שפרך אזו ויל איכ̄ש הבן · ווען אן איין
הייליגן דער ביט צייכ̄בט וועלט איר ביט גלאבן :
דר בוך גיבג

458.

דר בוך גינג ער אין איין קעמרלן דר · דא ואנד
ער בייל הויבר אין אייבר שטיינן · ער שפראך די
הויבר וויל איך בעמן נאר · דיא פפאפן מושן וואל
שטיל שווייגן · דר בוך ואנד ער אין אייבר קישטן
רייז אונ' פאר · אונ' ציטוקי אונ' וויינספערליך אונ'
ויינן · אונ' ווארן ער איין נאכן זעקלן פול ער בוט
· דר בוך אין קוך רי היכיין ער טרוט :

459.

דא כאם ער איין גרושן האבן מיט שמאלץ · אונ'
איין זאק מיט ברוט אן גידרוכגן · אונ' דר נאך
כאם ער איין זעקלן מיט זאלן · אונ' אויש דען
קעמין ויל דורער בוכגן · אונ' איין ועסלן מיט
גיזוטן ווין איין אוטש · די רייף ווארן אים שיר
אב גישפרונגן · ער שפראך דרויז וועלן מיר מכן
ווין זופן · דז גרעט זיגו ער אז חוינו איין הויפן:

460.

דר בוך כאם ער פון דעם גישיר מעגכרלייא · פון
שושלן לאפלן אונ' טעלר · אונ' איין קיצשלן אונ'
איין הענפלן אודר צווייא · די מן גיבט אייגש אום
דרייא העלר · אונ' איין פפענדלן דא מן איגן בכט
איין איי · אונ' דר בוך גינג ער היכאב אין קעלר ·
אונ' צוך אים ווין צוואו גרושר ולעשן · אונ' דא
באם ער איין שעפלן ווינדלן צו וועשן :
אונ' דא ער

461.

אונ׳ דא ער דש חזין גינומן היט · דא גינג ער אין
אין קאמר דר נעבן · דא ואנד ער שטין אין גוט
גריכֿט בעט · ער שפרך דש ווערט מיר גלייך
זיין עבן · קיין מונך דער דא קיין בוז ווארט היט
גיריט · ווען זיא וארכֿטן זיך אירש לעבן · דש
גרעט מושטן זיא אל טרגן צו אנגדר · ער שפרך
462. בון איז צייט דש איך דר בֿון וואנדר :

ער האט גינומן ביז אין בֿוייער צוינג · אוב׳
מענכֿר לאיי דש איך ניט מאנגאגן · ווען איך
וארכֿט מיך דש איך ניט לוינג · דארום וויל איך
עש אלז הין שלאגן · ער שפרך בון זול גֿ זיין
אין גיצוינג · דש איך דש גרעט ניט אלש וויל
טראגן · ווען וש וואלט איך מיך דוך זעלברט
צייהן · זי מושן מיר וואל אין ספֿערד דר צו
463. לייהן :

ער גינג אין שטאל אוב׳ ווער ניט בֿויל · דא
שטונדן אים בֿיל ספֿערד אנטגגן · דא קלויבט
ער אים אוז אין הופשן גויל · דען באשט בינגנד
ער אים אויף צו לינגן · עש וואר קיין ספֿערד עש
וואר אין מויל · ער טרייב עש הרויש מיט
גרושן שלגן · די מונך מושטן צו אל אירן שאדן
דש גרעט הראב טראגן אוב׳ העלפֿן לאדן :

דר נוך

464.

דר נוך מכֿט ער זיך אוין׳ זיין בֿיר ביין · אונ׳ דש
איז וויש ער בֿור אים יאגן · דא זאך ער דורט
הינטר אייגם שטיין · איין מונך מיט זיין בֿושן הר
בֿור ראגן · עש וואר דער זעלבין מויכֿן איין ·
דען ער הט צו טוט געשלאגן · דא צוך ער אים
ווקש אויש די קוטן · וואון ווינדן דרויש צו מכֿן
בֿור די שייש סוטן :

465.

דער אפט דער זאך דש ער זי נאם · אונ׳ מושט
זי הין טראגן ווישן · ער נאם זיא אונ׳ ווארף׳ זי
אויבר דעם זאם · אונ׳ צוך דא הין זיין שטרושן
· אונ׳ צוך ביז דש ער צו דער הוטן קאם · דא
וואר דיא נכֿט גלייך אן געשטושן · בבֿא דער קאם
אים אנטגעגן געגאנגן · אונ׳ גר ליסליך וואר ער
אין אנטפֿנגן :

466.

וויא עש אים וואר גאנגן זאגט אים סעווקן ·
אונ׳ דא זי דש גירעט האטן אב גיואדן · דא
מאכֿטן זי איין גרוש בֿוייער אן · אונ׳ ווערמטן
וואשר דיא קינדר צו באדן · צו אייכם קוך וואור
בבֿא דער אידל מאן · ער מכֿט גוטי פאשטידן
אונ׳ וואדן · אונ׳ מאנדיל רייז אונ׳ קרעספֿליך אונ׳
גוטי גירעטליך · אספֿיל מגליך אונ׳ קוכֿליך אונ׳
ווארמי ברעטליך : רונדעלה

467.

רונדעלה גינג בייא אין אין דעם וועג · אום דיא
הויטן אומהער גראזן · אונ׳ סעווקן אונ׳ בבֿא גינגן
גנזי טעג · האלן בירן אונ׳ ספּיספּרליגנלאזן · אונ׳
אונטר וויין דא הובן זי אן איין נייעג · אונ׳
בֿינגן הירשן אונ׳ האזן · אונ׳ אשן אונ׳ טראנקן
אלז נוך דעם בעשטן · אונ׳ גלייך אז דיא זוייא
וואָרן זי זיך מעשטן :

468.

זי טרייבן עש אן וואל דריישיג טאג · אונ׳ דרוזייבה
די וואר נון גינעזן · בבֿא שפּרך אזו עש ביט טוג ·
מיר מושן אן היבן אן אנדר וועזן · איך וויל גין
זעהן וואש איך ור מאג · אוב איך אונז איין וועג
קונט אויז לעזן · ביז צו דעם מער וויל איך רייטן
אוב איך קונט דר זעהן איין שיף בֿון וויטן :

469.

זא וואלטן מיר אל ציהן אויבר מער · אונ׳ מיט
אנגדר וארן ביש אין לאמפּארטן · זא וויל איך
ווידר קומן צו גרושר איר · איך וייש דש ויל וייט
אוינ׳ מיך ווארטן · דרום ליבר סעווקאן איך ביט
דיך זער · האב אכֿטונג אוינ׳ מיין קינדר דיא
צארטן · אונ׳ ווארט אויך אויש מייגם וייבן
אויבר איין טג אודר צווין וויל איך ביט אויז ·
בלייבן :

צו דרוזייאגה

470.

צו דרוזייאנה גינג ער אין דיא הויט הינדן · זיין
צוויין קינדר היש ער אים לאנגן · ער קושט דיא
זאנגן בייד אזו וויין · אין איקליכן ארם העט ער
איינש גיבֿאנגן · ער שפראך האב אכֿטונג אויף
דיא קינדר מיין · אונ׳ לוש דיך ניט נוך מיר ור
לאנגן · דו הושט סעווקן דו דרפֿשט ניט זורגן ·
איך וויל ווידר דא זיין היינט אודר מורגן :

471.

הין רייט דער דעגן צארט · אויש דעם וואלד זיין
שטרושן · דרוזייאנה הט ער וואל ביוואַרט ·
סעווקן הט ער בייא איר גילושן · דען גאנצן טאג
גינג ער ניט בֿון איר איין וארט · אין דער הויטן זי
בייא אנבנדר זאשן · אונ׳ דא עש נון וואר נאכֿט
ער איר דש ביטן מכֿט · אונ׳ שטונד בֿור דער
הויטן אונ׳ דיא גנץ נאכֿט וואכֿט :

472.

אונ׳ דא עש נון וואר אויף דען טאג דריי שטונד
סעווקן לינט זיך הינטר דיא הויטן · אונ׳ אין דער
זונן שליף ער וויא איין הונד · קיינרלייא ליש ער
זיך ניט קרויטן · דרוזייאנה נון צו אנטוואכֿן
בינונד · אונ׳ אירן קינדן גאב זיא אירי טויטן · דא
קאמן צוויין ליבן דא הער גיגאנגן · אונ׳ ווסן נוך
איינר הינדן אונ׳ וואלטן זיא ואנגן :

דיא הינר

473.

דיא הינדר דיא לוין נאר בלד דר פֿון · א: דען ספֿלען
צו לאסֿן די הינדן · די ליבן זאהן דש הוטלין נון ·
הינבין לוסֿן זי נאר גישווינדן · דרוזייאנה הוב אן
אין שריי צו טון · זי שמיקטן צו איר אונ׳ צו דען
קינדן · אונ׳ מיט אירן שוועבלן הובן זי אן צו
ווידלן · ווען קיין ליב טוט נישט קיינם בלוט דעם
אירלן :

474.

סעלוקאן דער וואושט פֿון קאייבר לייא · ער לאן
אונ׳ שוין דורט אן דער איבן · דרוזייאנה דיא
וועקט אין מיט אירם גישרייא · דען קוסון בינונר
ער אוין צו היבן · דא זאך ער די ווילדן טיר אלי
צווייא · אין דער הוטן שטונדן די צוון ליבן · ער
פֿור אוין פֿון דער ערדן נאר ביהענדן · אונ׳ נאם
זיין שווערט אין בײדן הענדן :

475.

א: בלד א: אין דר זאך דער איין · דא קאם ער
אויז דער הוטן צו שפרינגן · סעלוקאן נאב אים
אין שטרייך ביט קליין · אוין זיינם קוסון מיט
זיינר קלינגן · דער ליב ריכֿטט זיך אוין זיין
הינטרשטי ביין · מיט סעלוקאן וואלט ער יא
רינגן · סעלוקאן מיט זיינם שווערט זיך נינן אים
קירט · אונ׳ נגן דעם ליבן ער זיך ווירט :

דער ליב

יח ח

476.

דער ליב דער שטונד אין גרושר נוט · פֿור אנגשטן
מאר ער זיך גלייך ביקאן · דר נוך רייש ער אים
מיט זיינר פֿפוט · איין גרוש שטוק ווייש אויש
זיינם באקן · דש ער גלייך פֿור בלוט וואש רוט ·
אויך דעם ליבן הוב ער אן צו האקן · דר נוך ער
אים דש שווערט אין זיין בויך שטעקט · דש ער
אלי פֿיר פֿון אים שטרעקט :

477.

דא דער אנדר ליב דר זאך נון דש · דא קם ער
אויש דער הויטן צו שבורן · אונ׳ שמיקט צו דעם
טוטן ליבן מיט דער נאז · אונ׳ הוב אן צו הויילן
אונ׳ צו מרן · פֿעווקאן וואר מויד אונ׳ הט זיך
נידעצט איבש גראז · דער ליב דער קאם אובר אין
צו סורן · אונ׳ מיט זיין שוואנץ ווש ער אין שלגן
· פֿעווקאן וואלט אין יא פֿון אים יאגן :

478.

דער ליב דער ווש זא וריש אונ׳ קעק · אונ׳ האט
איין גרוש שלאגן אונ׳ בייסן · מונד אונ׳ נאז
רייש ער אים הין וועק · דר נוך וואר ער אין דר
בידר רייסן · אונ׳ צוך אין מיט גוואלט אין דרעק
· אונ׳ זעצט זיך אויף אין מיט ווייסן · אונ׳ שטיש
אים איין פֿפוט ביז מיטן אין רוקן · אונ׳ קונה
אונ׳ ווישט רייש ער אים צו שטוקן ·
רש ואדר

479.

דש וואדר טייל אש ער אויף גנץ גלט · ניט איין
בישן העט ער דא גלושן · דא ער נון וואר פֿול אונ׳
זאט · דא לוף ער דא הין זיין שטרושן · דא נון
דש דרוזיינה געזעהן האט · דא הוב זי אן איין
יאמר גרושן · זי ווארכֿט בכֿא ווער איך פֿר לורן
· אונ׳ פֿון דען ליבן צו ריסן ווארן :

480.

זי שפרך זול איך דא ווארטן מין · זא ווערט
מיר מיין לעבן אויך גנומן · דער ליב דער
ווערט דעם גשלעק נוך גן · איך ווארכֿט ער
ווערט ווידר קומן · דוך וויל איך עש הזייט
לושן אן שטין · אונ׳ וויל ווארטן אויף דען דעגן
ורומן · קומט ער ניט הזייט זא וויל איך דר פֿון
שטרומן · אונ׳ ווידר ציהן צו מיינם עטן אונ׳ צו
מייבר מומן :

481.

מיט איר זעלברט הט זי איין גרושי קלאג · אונ׳
פֿורט איין יעמרקליך גבערדן · דען גנצן טג זי
בייא דען קינדן לאג · אין דעם הוטליין דא אויף
דער ערדן · אזו גנג נון הין דער זעלבין טאג · דש
ניט קאם בכֿא דער דעגן ווערדן · ווען דורך איין
ווילדן טאן וואר ער גריטן · אונ׳ הט מיט ליבט
ווארמן גשטריטן :

די גג׳
יח ב

482.

דיא גאנץ נאכט טעט זיא ניא קיין שלוף · אונ׳ צו
מורגש פֿור זי אויף גר גשווינדן · אז איין אונזניג
זי אין דער הויטן אום לוף · דער קינדר גרעט
וואש זי צו אננדר בינדן · צווייא ורישר אייר זיא
אויז זוף · דר נוך גאב זי צו זוגן דען קינדן · אונ׳
באנד אייבש אויף דען רוקן אונ׳ אייבש אויף דען
ארם · אונ׳ זייט דש עש גן דר בארם :

483.

ווארום הון איך ניט גיבאלגט ואטיר אונ׳ מוטר מיין
· דען ערברן אונ׳ אויך דען ורומן · וויא היט איך
אזו וואל מוגן זעלינג זיין · היט איך עש נורט אויף
גנומן · אויווי דעש גרושן יאמר אונ׳ פיין · אויווי
וואוהר צו בין איך נון קומן · איך מאג נון וואל דש
שפריך ווארט זאגן · דש מיר דש הילזן אויף דען
האלז איז גשלאגן :

484.

מיט דען קינדרן לוף זי הין גר באלד · אובר שטוק
אונ׳ אובר שטיינן · ביז זי קאם דורך דען וואלד
· די קינדר אומדר שראיין אונ׳ גראיינן · איר
יאמר וואר גרוש אונ׳ מעניק ואלד · אונ׳ זי טעט
אויך ניט אנדרש ווען וואיינן · זי לוף צווערך
ועלד אז די ור אירטן · דא זאך זי דורט פֿון וערן
איין הירטן :

דא וואש

485,

דא וואש זי ורא אוב׳ גינג הין צו · גאר ביהענד
אוב׳ אויך גישווינדן · זי שפרך צו דעם הירטן זג
מיר וואו · וואור איך די נעשט שטט וינדן ·
דער הירט שפרך זעז דיך נידר אוב׳ רוא · איין
וויילן מיט דיינן קינדן · דר נוך וויל איך דיך פֿורן
אובר ייעני שטאיינן · אוב׳ איין שוינ שטט ווין
איך דיר צאייגן :

486.

זי זיצט זיך צו אים אן איין באך · ער בינגנד זי
ויפֿליך אן צו לאכן · דר נוך מוטט ער איר אן
כך וכך · ער וואלט זיך יא אן זי מכן · זי שפרך
איי ימח שמך וזכרך · וויא טרשטו מיר צו מוטן
זול כי זאכן · דער הירט שפרך איר זולט מירש
ור טראגן · איין מאן מאנש מוטן איין ורויא מאנש
ור זאגן :

487.

דרוזייאנה די וואלט זיך ניט גוימן מין · די קינד
זי גאר וויקש דא זייגט · אוב׳ הוב אן גאר וויקש
דר פֿון צו גן · דער הירט איר דען רעכטן וועג
צאייגט · זי געזגנט אין אוב׳ ויש אין דא שטין ·
דער הירט זיך גין איר נאייגט · ער היט זי אומדר
גערן אן גזעהן · אל זיין טאג וואר אים ני ווירשר
גישעהן :

488.

זי גינגן ביז זיא דיא שטט זאך רורט · אונ׳ גינגן
דאר אין אײבר קלײני שטונדן · דש מיר גינגן
הרום אן אײנם אורט · שטעגן ויל קומן׳ לוויט זיך
דא בֿונדן · זי גינגן הינאן ביש אן דאש פורט ·
דא זאך זי ויל שיף׳ דא אן גיבונדן · דא זאך זי
אײן גלײאה רורט פֿון ווייטן · דיא הט איר ואטירש
באניר אן דער זײטן :

489.

זיא זאך וויא זיא זיך צו ריכֿטטן זיר · אונ׳ וואלטן
גלײך פֿארן פֿון דאנן · די אנקר הובן זי אויז דעם
מיר · דען זעגיל הובן זי אויף׳ צו שפאנן ·
דרוזײאנה רופֿט צו דעם זעלבינגן היר · אין דש
קלײן שיפֿלן שפראנגן ויר מאנן · זי זאהן וואל
דש עש וואר אײן שוני דירן · זי פֿורן דאר אונ׳
וואלטן איר סערפֿירן :

490.

דרוזײאנה זײט ליבי גיזעלן מײן · וועלט איר מיך
אין די גלײאה בעמן · דא וועלט איך אוײער קולֿין
זײן · ביז מיר אין אוײער לאנד קעמן · די מאריבער
שפראכֿן קומט בוײארט הרײן · ווען מיר דורפֿן
זיך אוײער ביט שעמן · וואש איר בינערט דש
גולט איר האבן · זי שטיגן אין דש שיפֿלן מיט אירן
צווין קנאבן :

זי שטישן

491.
זי שטישן פֿון לאנד אונ׳ פֿורן דר פֿון · זי קאמן
צו דער גליאה אונ׳ היבין זי שטאיגן · זי פֿורטן
די קוכֿין צו דעם סטרון · די שון מייר וואלטן זיא
אים ציינן · ער שפרך אז בלד אז ער זי זאך כון
· אודר גוט מוש מיך וען אונ׳ ואייגן · דש אישט
דרוזייאנה די מיר אום ציהן זוכֿן · דש זיך איר
492. ואטיר הוט טון איר אנטרוכֿן :
ער גינגצו איר אונ׳ גאב איר די הנט · אונ׳ גר
ויסליך ואר ער זי אנטפפֿנגן · אונ׳ שפרך זייט
איר ביט דרוזייאנה גינבט · אוייער ואטיר הוט
בוך אויך ור לאנגן · ער הוט מיך בוך אויך אויש
גיזאגט . ער וויש וויא איר מיט בפֿא הין וועק
זייט גאנגן · דרוזייאנה די וויבט אונ׳ איר גוט זי
אים קלאגט · אונ׳ ווי עש איר וואר גנגן זי אים
493. זאגט :
אזו פֿורן זי הין וועק פֿון דעם זעלבין אורט · עש
וואר אין דעם לאנד פֿון בארבריאה · זיא פֿורן אז
לנג ביש זיא קאמן דורט · דש זי דר זאהן איר
שטט ארמוניאה · זי פֿורן הין בייז אן דש פורט ·
אידרמן קאם צו לאפֿן צו דער גליאה · רא זאהן זי
וארן אן דער שפיצן · דרוזייאנה מיט צווי שונן
קינדרן זיכֿן :

אייבר לוף
יה ד

494.

אײנר לוף הין נאר וריש אונ׳ דרוט · אונ׳ מאכט
אין וועגאין קרומן · אונ׳ זאגט דעם קונינג דש
בוטן ברוט · אוײאר ליבי טוכטר די איז קומן ·
אונ׳ צווײא קינדר זי מיט איר הוט · איך הון זי
הורן שרײאן אונ׳ ברומן · דער קונינג בור ורײדן
גײך אויף הוספט · אונ׳ זיצט זיך צו ספערד
אונ׳ עש זער שטוספט ·

495.

אויף איקליכר זײטן לוף אים אין רינגאן · זײן
ליבי טוכטר וואלט ער אנספנגן . אונ׳ דא ער
קאם אויף דעם פלאן · דא קאם זי אים אנטגינגן
גינאנגן · ער שטײג וועקש אב אונ׳ נאב איר אײן
שמאץ · אונ׳ מיט ארמן וואש ער זי אום ואנגן
· דיא צווײא קינדר זאך ער איר בוך טראגן ·
אונ׳ שפראך ווער זײן די זולשטו מיר זאגן :

496.

דא הוב זי אן צו ווײנן אבר אײן מול · אונ׳ שפרך
בון בבא זײן זי מיר גיבורן · אבר עש איז מיר
לײדר ביט נאכגן וואל · איך וארכט איך הב אין
ור לורן · איך ווײש ביט וואש איך מיר גידענקן
זול · בון ליבן איז ער צו רישן ווארן · ווען אין
אײנם וילדן וואלד זײן מיר גילעגן · זי הבן אין
צו רישן הון איך מיך דר וועגן :
ער שפרך

497.

ער שפרך ליבי טוכטער איך ביט דיך דרום · דו
זולשטו גוט אל דינגן ווישן וואלטן · אונ׳ זייא פון
איצונד אונ׳ פורבאש ורום · אונ׳ זולשט דיך
ערברליך האלטן · אונ׳ ני ביט מין מיט בארהייט
אום · :א ווערשטו מיט אירן אלטן · אונ׳ ווש
דו הושט גיטון ווערט מן דיר ור געשן · מן ויבט
מין יונגי פרויאן די זיין ור זעשן :

498.

דר בוך זאגט זי אים אל דינגן אונ׳ גאר · אונ׳
וואש אובנלין זי הט גליטן · אויך דש ספערד זי
אויך גיזעשן וואר · היבטר אירם ואטיר קאם
זי גריטן · אונ׳ דר בוך ברוכט מן איר די קינד
דאר · זי שפרך זי זיין בוך ביט בישניטן ·
דער קויבנג שפרך דו דארפשט ביט זורגן · איין
הוספי בריתה מילה וויל איך מאכן מורגן :

499.

דער אנדר טג קאם הר בוך · דא ליש ער די
יונגן יודשן טראגן · אבר דעבוך ורוגט ער דרוזייבה
דוך · וויא זולן זי היישן זולשטו מיר זאגן · זי
שפרך אי דער זעלבין בבא פון מיר צוך · דא
זגט ער מיר אל טעגליכי טגן · איינש וויל איך
היישן גוידון בוך מיינם ואטר · אונ׳ איינש
סיביבלד בוך מיינם גיבאטר :

דער קויבנג
יח ה

500.

דער קוניג שפרך דש איז גר גוט · אונ׳ היש אין
אלזו די בעמן געבן · ער מאכט איין מול אז
מן נוך טוט · זי פורטן גאר איין קושטליך לעבן
· דרוזייאנה די הט ערשט איין גוטן מוט · ויל
קנעכט אונ׳ מייד גינגן איר נעבן · פון לושן מיר
דרוזייאנה ביי אירם מאטיר בלייבן · אונ׳ וועלן איין
ווייל פון בבא שרייבן :

501.

דען זעלבן טג דא זי וועק גיצוהן ווש · דא וור ער
ווידר קומן צו רייטן · דא זאך ער ויל בלוט אוין
דעם גראז · אונ׳ איין טוטר ליב לאגן דער זייטן
· ער דר שראק אונ׳ גידוכט ווש איז דש · דא
וויל איך ניט לענגר בייטן · אונ׳ רייט צו דער
הוטן אונ׳ ווקש אב גישטיגן · דא ואנד ער דש
הינטר טייל פון סעווקן ליגן :

502.

דר נוך זוכט ער דרוזייאנה די שון מייד · דיא
קונט ער נירגן וינדן · ער שפראך אוויי מיינש
גרושן לייד · די טיר הבן זי צו רישן מיט אירן
קינדן · אוויי מיינר קינדר אל בייד · או מיין
ליב וייב מיט דער הויט דער לינדן · או ווי איין
זולכר ליב וואר ני גיבורן · אוויי ווי הון איך זיא
אז בושליך ור לורן :

ווש זול

503.

ווש זול איך אן היבן ווש זול איך טון · או ווי דער
נאר קלייני ורײדן · איך מיינט איך ווער אויז אל
מיינם אונגליק כון · דא היבט זיך ערשט אן מיין
ליידן · או סעלוקן דו ליבר קומסכיון · וויא הושטו
דיך ב̄ון מיר גשיידן · איך היט כיט גמיינט דיך
אזו צו ור לירן · זא בישטו ווארן צו רישן ב̄ון דען
בוזן טירן :

504.

וויא בין איך כון דער ערמשט כובא · דען גוט
אויך דיא וועלט הוט געבן · דא מאכ̄ט ער מיט
זיינם שווערט איין גרובא · בב̄א דער זעלבין רעגן
ווערדן · אונ' דש שטוק ב̄ון סעלוקן ער דריין הוב
· אונ' שארט עש צו מיט ערדן · ער שפרך די
וויל דו בישט אנדרש ב̄ון מיר קאנשט האבן · זא
וויל איך דיר אן טון די איר אונ' וויל דיך בינראבן :

505.

דרויאבש הט ער זיך גנ'ן אנטרוכ̄ט · ער מיינט
זי ווער ור לורן · ער שפרך דער טן מוש זיין
ור לוכ̄ט · דא איך בין אן גיבורן · כון הט ער
אן דעם מיר גזוכ̄ט · אונ' קיין שינ' וואר ער אן
זיכ̄טיג ווארן · ער גדוכ̄ט עש קומט קיינש אין
לאנגן צייטן · שלעכ̄ט אויבר לאנד וויל איך דר
ב̄ון רייטן :

אונ' וויל

506.

אונ׳ וויל גלייך לושן שטין דש מיר · דש איס גוט
אין גוטש יאר מוש געבן · אונ׳ וויל רייטן אז
לנג אונ׳ אלז זער · איך וויל ויכדן ווש מיר איז
עבן · אונ׳ וויל ווידר קומן צו גרושר איר :
אונ׳ זולט איך דרום ור לירן מיין לעבן · אונ׳ אויף
רונדעלה רייט ער זיין שטרושן · די טרעהרן אים
אויבר דש פפֿערד הער אב לושן :

507.

ער רייט אונ׳ וואושט נוך ווענגנוך שטעג · אים
בינגנט מענכר לינט וואורם · אונ׳ רייט דורך
מענך וואלד געהעג · ער ואנד מענך טיר מיט
וואלדן פֿורם · אין גרושר ריז בינגנט אים אויף
דעם וועג · דא בישטונד ער מיט איין שטורם ·
אי ער אין דר שווין גאב ער אים שטרייך גנוגן ·
איך מג עש ניט שרייבן איך האט עש ור לוגן :

508.

בוואר הט ער נוך רו ראשט · ביש ער קאם אין
איין שטט מיט שונן טוירן · פֿור איין ווירטש
הויז רייט ער הין גר ואשט · דער ווירט שטונד
אונטר דער טורן · ער שפרך וואו אויז מיין ליבר
גאשט · וועלט איר אוייער פפֿערד ניט איינהער
פֿורן · בבֿא שפרך איך טעט עש גערן · דא הון
איך קיין פפֿעניג דש איך קאן צערן :

דער ווירט

509.

דער ווירט שפרך דא לייט ניט אן · פֿור דש געלט
דורפֿט איר ניט זורגן · איך זיך אויך אן פֿור איין
זולכן מן · דש אויך איין אוירטן איז צו בורגן ·
איך בין איין ווירט דער אוירטן דר ווארטן קאן
אוב׳ בליבט איר הֿיט ביש אובר מורגן · בבֿא
בגונד אין שטאל צו רייטן · דא שטונד ער וואל
ספֿערד אן אן זייטן :

510.

בבֿא וראגט וויש דש דינג ווער · אוב׳ פֿון ווארן די
ספֿערד אל קעמן · מן זגט אים עז איז איינר
קומן הער · גר ויל זולכר ויל ער אויך בנעמן ·
בבֿא גדוכֿט דש זיין גוטי מער · ער ווערט זיך
מיינר ניט דורפֿן שעמן · רונדעלה פֿורט ער אין
אין שטאל דער נעבן · איין מוסלן האבֿרן היש ער
אים געבן :

511.

דש ווירטש הויז הט קאמרן און צאל · עש וויש
גבויט גלייך ווי איין וישטן · בבֿא דער גינג הנויף׳
אין זאל · ער וואנד אין פֿול מיט גישטן ·
מיט ויל לייטן וויש עש וואל אויבר אל · די אשן
אוב׳ טראנקן בוך דעם בעשטן · אין די שטוב
הינין קאם ער גגאנגן · פֿון דעם הייבט מן וואר
ער וואל אנטפֿנגן :

זי זאהן

512.

זי זאהן אין אל פֿור וואונדר אן · וויא ער גינג אין
הער שרייטן · אייבר שפרך קיין זולכן מאן ·
הון איך געזעהן אין לנגן צייטן · ורייליך ער מוש
זיין איין גרושר האן · מיט ועלטן אונ׳ מיט
שטרייטן · איך הלט עש זיי ווידר אוני׳ געשטאנדן
דיטריך פֿון בערן · אודר הילדבראנט די זעלבין
הערן :

513.

בבֿא דער גינג פֿור דען הייסט מאן הער · אין
דער שטובן אוני׳ אונ׳ בידר טראבן · דער הייבט
מן ורונט אין ווער ער ווער · פֿון ווילכם ואלק
אונ׳ פֿון וועלכם גלאבן · אונ׳ וואו אים הין שטונד
זיין בינער · אונ׳ אוב ער זיין זולד וועלט האבן ·
איר זולט בייא מיר האבן גוט לעבן · ויר הונדרט
מן וויל איך אונטר אייך געבן :

514.

בבֿא שפרך אידלר הייבט מן ורום · אוייערן
זולד וויל איך ביט אויז שלאגן · ווען איך בין
קומן אויז סוילן דרום · דש איך זולכם האנדל נוך
וויל ייאגן · וואו הין וואלט איר דש איך מיט אייך
קום · דש זעלבין זולט איר מיר בורט זאגן · דער
הייבט מן שפרך אידלר דעגן צארטן · איר מושט
מיט אונש ציהן ביז אין לאמפרטן :

דא ליגט

515.

דא זאגט איין שווש הייסט שאבשימון · דא איז
איין קושטליכר הייבט מן איכן · דער הייסט
סיכיבלד איך בין זיין זון · איין הערצונג וויל דש
שווש גיווינן · דער זיצט צו אבטובה אונ' הייסט
רודין · וואל ויר הובדרט מייל איז עש פֿון היכן ·
דש רוזינג וואלק הין איך אויף גיבומן · דש איך
מייכם ואטר צו הולף וויל קומן :

516.

גון הורט בבֿא אונ' וואושט גיוויש · דש פֿון
זייכן ווענג וואר אל דש וועזן · אונ' וואושט דש
דער טירין כון היש · ווען זי הטן מיט אכנדר
גישריבן אונ' גילעזן · אבר ער זיך צו מול כיט
מערקן ליש · גלייך אז ווער ער עז כיט גיוועזן
· אבר ער הורט עז פֿון הערצן גערן · ער גידוכֿט
דש ווערט גוט פֿור מיך ווערן :

517.

כון רוסֿט טירין דען וירט היביין · אונ' היש אין
דען טיש וואקש ריכֿטן · אונ' היש אין אויף
טראגן גוטן ווין · אונ' מכֿן איין מול מיט פֿיל גיריכֿטן
· דא שוב בבֿא גרושי בישן איין · ער אש מין
ווען זיהן זיבש גיליכֿטן · ווען ער הט כיט פֿיל
געשן אין מענכֿן טגן · טירין בינונד מעליך צו
דען אכנדרן צו זאגן :

איך האלט

איך הלט דש רעש רוזינן בישטי קונשט זייא •
שטען צו ברעשן אונ׳ צו בֿולן • ער אישט וואל אז ויל
אז מייבר דרייא • איך הלט אין בֿור איין שולעכֿטן
טרולן • איך הלט דש ער בורט בֿור בעטלרייא
• אונ׳ בֿור הונגר זיי קומן אויז סולן • איך הלט
דש ער אי ציהבן גלייך טר צירן • אי דש ער זיך
גינן אייגם טר וירן :

519.

בבֿא דער הורט דש טירין דש ריט • אבר ער
שטעלט זיך ביט דעש גלייכֿן • אונ׳ דא בון אידראן
גנעשן היט • צו דעם ביט צו גינגן זי שטרייכֿן •
בבֿא דער ואלן בייא טירין אים ביט • אונ׳ אז בור
אז דער טנקאם הער צו שוייכֿן • דא היש טירין
וולקש אוני טרואביטן • די זולנער בֿורן אל אויז
אירן ביטן :

520.

טירין דער שפרך מיר וועלן בון גין • אונ׳ וועלן
אונז מאכֿן אוני די שטרושן • עש וואָרן אירר
עכֿט הונדרט אודר מין • איין טייל צו בֿוש איין
טייל צו רוסן • בבֿא וואש גיהרבישט ביש אין די
צין • ער אונ׳ טירין צו ספֿערד וואל זושן • זי
טיילטן די זולדנער אונ׳ אונטר זיך גאמן • אונ׳
רייטן ביש זי שיר גין שנשיאון קאמן :

אונ׳ דא

521.

אונ׳ דא זי נון שיר ווארן ביי שנשיאון · סיניבלר
קאם אים אנטגֵגן מיט שאלן · אונ׳ מיט גרושן
ויידן אנפפינג ער זיין זון · אונ׳ די זולבר ווארן
אים וואל גיבאלן · אונ׳ דא ער זאך דען שונן
הייסט מן נון · דער וואר דער ווידליכשט אונטר
אין אלן · ער שפרך ליבר זון וואו בישטו אז לנג
גיבליבן · אונ׳ וואו הושטו דען שונן הייסט מאן
522. אויף גיטריבן :

טירין דער שפראך ליבר ואטיר מיין · איך הון
אין גיפונדן און אלש גיפערדן · אונ׳ אוב ער איז
שון גאר הופש אונ׳ ויין · ווער וויש וויא ער הוט
גיבערדן · איך האלט אין פור דער גרושטן פרושן
אין · רידא ביא זיין קומן אויף ערדן · קיין
מאנהייט הון איך פון אים גיזעהן · ווען דש ער
523. אישט מין ווען מייגר ציהן :

בבא דער הורט עש אבר איין מול · אונ׳ דיא
ריד אין גאר אוביל ור דרושן · ער גינג צו טירין
מיט צורן פול · ער שפראך דער ריד זולשטו דיך
מושן · דש איך מיך אויך טר וירן וואל · דש
וויל איך דיך נוך זעהן לושן · אונ׳ בישטו וריש
אז זולשטו מיר פור שפרעכן · דש דו מיט מיר
ווילשט טון איין גיזעלן שטעכן :

אונ׳ עז

יב ח

524.

אונ׳ עש זאל גלאטן אום דען זאלד · דען דו מיר
איין מונט זאלשט געבן · אונ׳ איך וויל דיר זיין אים
הערצן האלט · אל די טאג די איך ווער לעבן ·
טירין דער שפרך עש גלאט וואל ביי גאלד · דש
דוזינג איש מיר אויך גר עבן · אזו גנגן זי וואלקש צו
בידייטן · אונ׳ אויף דעם פלאן זי מיט אנגדר
רייטן :

525.

איר זאלבער גנגן אין ביידן נוך · זיא וואלטן אין
צו זעהן גערן · סיגיבולד דער לאג אן אייכם ועגשטר
הוך · אונ׳ וואלט אויך צו זעהן בון וערן · דען צווין
וואר אויף אנגדר גך · זי רענטן אויף אנגדר
מיט אירן שפערן · בבלא שטך טירין זיין שילט
צו שטוקן · דש ער אונ׳ דש פפערד ויל בייד
אן רוקן :

526.

ער זיל דר נידר וואל אין דען זאנט · דש ער
גלייך בלייב ליגן שטעקן · זיין קנעכט די ווסן אל
דר צו הנט · אונ׳ הובן אין אויף מיט גרושן שרעקן
· ער זיצט זיך ווידר צו פפערט מיט גרושר שאנד
· אונ׳ רייט בון דעם פלאן הין וועקן · אונ׳ שפרך
אן דען בזווינט וויל איך מיך רעכן · מיט מייני
העגדן וויל איך אין דר שטעכן :

דא סיגיבולד

527.

דא סיבילר דש אלש גזעהן היט · דא שיקט
ער וולקש נוך אין ביידן · אונ' מיט גוטן ווארטן
ער צווישן זי ריט · דש ער זי בון אננדר וואלט
שיידן · ער שפרך ושט עש זיין אלי בייד ווייט ·
אונ' לעבט מיט וריד אונ' ריידן · זא ווערט
איר אידרמן ליגן לובן · די טרויי מכט ער זי
אננדר גלובן :

528.

ער מכט זיך אן אננדר האלזן אונ' קושן · אונ'
גרוש ליבשאפט זי אננדר ספאלגן · טיריץ קליידט
אין בון הייבט ביש צו בושן · זיין וארבא מכט ער
אין אן טראגן · בון ליבן הערן איר זולט וישן · דש
איך אוייך הון ור געשן צו זאגן · וויא זיך בבא הט
היישן אנשטין נעבן · אין דר ווארטן דש אין
נימט זולט קענן :

529

אלזו הישן זי אין רען שובן אנשטין · אונ' דא דש
דוזינג בון אלז וואר גשעהן · אונ' דער זעלבינג טאג
וואר בון גנץ הין · דא הוב בבא צו טיריץ אן צו
יעהן · ברודר טיריץ וולטו לאנגן מייכם זין ·
זא ווען מיר אויז רייטן בייזעהן · ווש אונזר וייבר
צו אנטובה טובן · אוב מיר דיא בירונג אן אין
גוואובן :

530.

טירן דער שפרך איך זוים עש ניט · ביז מורגן
וואלן מיר נוך בייטן · צו מורגש טרומיטט מן אונ׳
אז איז דער זיט · דא זך מן זיך זיר צו ביריייטן ·
עלפט הונדרט זולכר נאמן זי מיט · טירן אונ׳
בנא ואר אן הין רייטן · די זולכר קאמן הר נוך
גריטן אונ׳ גנגן · גוידונש באניר טרוגן זי אן
איינר שטאנגן :

531.

זי קאמן גי אנטונה צו מורגנש פרויא · גליך אז
דער הירט הט אויש גטריבן · דא נאמן זי גר
ויל קעלבר אונ׳ קויא · אונ׳ איין הערט שוף אודר
זיבן · זי טריבן זי הין וועק מיט איינר גרושן
מויא · ביט איין קלא וער דא גבליבן · צו
אנטונה וואר מן עש איבן · ווען זי הטן עש
גזעהן אן דער ציבן :

532.

וולקש צוך מן אן די שטורם גלוק · אום איר ביך
שרייאן זי ציטר וואפן · דער קלאנג זיין גייש
דער קלאנג זיין בוך · דער קלאנג זיין קוא אונ׳
זיין שופן · אונ׳ צום טור היבויש אובר שטיין
אונ׳ שטוק · צווי טויזנט מן אויז ווסן · הערצוג
דודון הט דש גשריי ור נומן · ער אונ׳ זיין ברודר
אבורינג וואלט אך מיט קומן :
ויל שטרקר

533.

ויל שטרקר מן אויך מיט אין צוך · מיט אירן
בוקשן אונ' בוגן אונ' ספיין · אלבורינו ואר נוך אין
ני ניך · ואר אן הין ביגונד ער וואקש צו איין
· הערצון דורון וואנט אים בלד נוך · וועלכט בא
איינר קלייני האלבי מייל · בבא זאך זי הר נוך
הער ציהן · די מיט דעם ויך היש ער וואקש
וויהן :

534.

אונ' ער אונ' טירין די בלייבן דא שטין · אונ' גינגן
אין ווארן זי זיך וואקש ווענדן · בבא שפרך ווער
זיין ייעני צווין · די דא הער ציהן גאר ביהענדן ·
טירין דער שפרך איך זג דיר ניט מין · נון דער
ביהוט מיך פֿור אירן הענדן · דען ערשטן הייסט
מן דען שטארקן אלבורינגו · זיינם ברודר הילפֿט
ער קרינגן :

535.

אונ' דער אנדר איז דער שאלך · דער מיין ליבן
הערן צו טוט הוט דר שלאגן · אין זיינם שילט
דא שטיט איין וואלך · זלשטו אין ניט וארן אן
טראגן · בבא שפרך זא ווי זיינם באלך · ווי וויל
איך אין זא רייכליך צוואגן · ער רעכט נינן אים
מיט זיינר ואכצן · אונ' זאנט ווירט אוייך איר פֿור
רעטר פֿון מנאכצן :

אלברינו

יב ג

536.

אבורינן רעכט אים אכטנגן אויך · זיין העלם
רען וואש ער וואל איין דרוקן · בלא אויף אין
מיט זייבר לאבכן שטאך · אין זיין בויך ביז מיטן
אין רוקן · ער פֿיל דא הין אונ׳ ווי נוך אוך ביא
שפרך · בלא וואש די לבן ווקש אויז אים צוקן
· אונ׳ נין דורין ער אויך ווקש רעכט · דורין
הט דש גיזעהן אונ׳ פֿור צורן ברעכט :

537.

זי שטאכן אויף אכנדר די דיגן ווערד · דש
איר לאבכן אלי בייד צו ברוכן · דר נוך נאם א
איקליכר זיין קושטליך שווערט · אונ׳ אויף אכנדר
היבן אונ׳ שטאכן · אי אייבר דיש אנדרן לעבן
ביגערט · איין גרושר דונשט גינגכן אין ראכן
· בלא גאב דורין איין גוטי סוג בירן · ער היב
ער היב אים איין גרושי שראם אין זייבר שטירן :

538.

דר נוך שטך ער אין אין זיין וויך · דש אים גלייך
אונמעכטיג וואלט ווערן · דר נוך גאב ער אים נוך
איין שטרייך · דש ער גלייך פֿיל פֿון דעם ספֿערדן
· אובטר זיין אויגן וואר ער גנץ בלייך · ער זאנק
גנץ בידר אויף די ערדן · בלא וואלט אים זיין
לעבן הבן גנץ גינומן · דא וואר דש גרוש וואלק
אובר אין קומן :

איר הערן

539.

אירן הערן דען זאהן זי גיוואונר אזו · דש בינגר
זי גאר אויבל צו ור דרישן · זי קאמן אל צו לאסן
אויבר בבלא דא · מיט העלפרטן אונ׳ שווערטן אונ׳
שפיסן · זי וואלטן אין צו טוט דר שלאגן יא ·
מיט ספיין ווארן זי אין אין שישן · זי הטן אין אום
גרינגלט צו אלן זייטן · דא העט אים אייבר גערן
מוגן צו זעהן שטרייטן :

540.

ער מכט מענכלם זיין קופף וואל רוט · מן העט
וואל מוגן צו זעהן דען יונגן · ער דר שלוג וואל
אירר צוואנציג צו טוט · ביז דש ער קאם אויז
דעם קרייז גידרונגן · ער ווירט זיך עש טעט
אים נוט · אונ׳ אויף רונדעלה וועקש דר פון
גישפרונגן · אירר ויל רענטן נוך דעם ארמן בובן
· די אנדרן בלייבן דורט אונ׳ דורין אויף
הובן :

541.

אויף זיין פושן קונט ער ניט שטין · פון דען גרושן
ווינטליכן שלוגן · אויך קונט ער ניט רייטן מין ·
הענד אונ׳ פויש קונט ער ניט רוגן · זי באנדן
גרושן שילט צווין · אונ׳ נוך דער לעבן ווארן זיא אין
דרויף ליגן · אונ׳ אין די שטט זי אין וועקש טרוגן
טירין אונ׳ בבלא זיך מיט דען אנדרן שלוגן :
בבלא הט

542.

בבא הט מיט טיריןווידר אום גיקירט · אוג׳ הוב
ערשט אן איין שטרייט איין שווערן · טירין זיך
אויך וייבטליך ווירט · דש העט אייבר מאן זעהן
גערן · אוג׳ ווי דעם דעם עש וואש בישירט ·
דש ער אין צו טייל זולט ווערן · זי זאהן דש עש
אויבר הבט וואלט בעמן · דר פון צו ליהן וואלטן
זי זיך ביט שעמן :

543.

היביין גי שבשיאון וואר אינגר גיך · דש קאשטעל
דש מכטן זי גר וואל צו שוישן · ייעבי ייאגטן אין
אויך ביט זיר בוך . דש מאזר זי אין אבספליהן
לישן · דש זעלבין היר ווידר גי אבטובה צוך · דש
בווט זך מן פון מעבכם לישן · צו אבטובה טרייבן
זי יאמר אוג׳ ליידן · אוג׳ צו שבשיאון טרייבן זיא
גרושן ורליידן :

544.

דש פיך דש זי הטן גיברוכט דר פון · דער ספאין
אוג׳ אלי גאשן פול לאגן · זי וואושטן בייט ווש זי
מיט אזו ויל זולטן טון · זי מושטן אירר ביל אן קוסגי
שלגן · טירין דער שפרך צו זיינם ואטר בון ·
איי ווי הוט זיך אנשטין אזו וואל ביטראגן · אבורינג
דען הוט ער צו טוט גישטוכן · אוג׳ אן דזרון הוט
ער אונז וואל גירוכן :

אוג׳ איך

545

אונ׳ איך אוייך פֿור וואר זאגן קאן · ער הוט אים
גישלאגן טיפֿי וואונדן · מיין טאג הון איך ניט גי
זעהן קיין ורישרן מן · גלובט זייא גוט דש איך אין
הב גיפֿונדן · ער ביזט זיך דער זאך אז העפֿטיג
אן · אז איין ליבט וואורם הוט ער זיך גיוואונדן ·
אונ׳ ווער זעלבשט בבֿא אונ׳ ווער ווידר קומן ·
זא העט ער זיך דער זאך גינוגן אן גינומן :

546.

סיניבולד שפרך איך הון איין גוטן טרושט · דש
ער מיין ליבן הערן ווערט רעכֿן · דר בוך ליש ער
צו ברייטן איין גוטן פושט · שוף אונ׳ קעלבר היש
ער וול שטעכֿן · גוטי בראזליך ליגן זייא אויף דען
רושט · אונ׳ זי הובן אן צו טרינקן אונ׳ צו צעכֿן ·
סיניבולדש וייב הורט אויך פֿון דער ורייד̇ן · זיא
קאם אויך צו גן מיט אירן מיידן :

547.

סיניבולד זיין וייב בעבן זיך זגן היש · אונ׳ בבֿא
זאש גגן איר אם שראגן · דען גבֿן טיש זי איר
אויגן ניט פֿון בבֿא ליש · אין איר זעלברט הוב זי
אן צו זגן · איך הלט דער זייא בבֿא גיוויש ·
ווען גלייך אזו הוט ער גרואי אויגן · אונ׳ אזו איין
הויפש מויל מיט ווייסן ציגליך · ביי דעם אלמיכ
טיגן גוט ער איז אים גנץ עגליך :

דא מן הט
יב ה

548

דא מן הט געשן זא גיגן זי הין דאן · אוב׳ רופט
אירן מאן אין איין קאמר דר בעבן · אוב׳ שפרך
איך הון אגשטין וואו גיזעהן אן · בבא דעם זלט
ער ניט זער אונעבן · איך הוט ער זייא געווארן
אז איין וייבר מאן · ער טאר עש וואו זיין בייא
אייגם לעבן · סיניבולד שפרך צו דער זעלביגן הערין
רו בישט בייא בוק איין רעכטי נערין :

549.

בבא דער איז ובגשט געווארן הין גריכט · אוב׳ זיין
בוזי מוטר הוט עש ור שווייגן · ווען איכש גידענק
איר מיין הערץ בריכט · דרום וויל איך שטעגן
מיט אין קריגן · אבר אגשטין בבא אז עגליך
זיכט · אז ווער ער אים אויז דעם תחת גישטיגן ·
אז ליגטן זי זיך צו אגנדר נידר · די ברויא גידוכט
די גנץ נכט אן בבא ווידר :

550.

דא דער אגדר טג גיקומן וואר · דש מן זיך זיצט
אבר צו דעם עשן · די ברויא די קאם אבר גיגנגן
דאר · אוב׳ וועקש גגן בבא אויבר גיזעשן · זי
זאך אבר וויא ער בבא אז עגליך וואר · דש קונט
זי צו מאל ניט פור געשן · אוב׳ אז בלד אז מן פום
טיש וואר גגן · אירן זון טירין ווש זיא בייא זיין
הענדן ואנגן :

אוב׳ פורט

551.

אונ׳ בֿורט אין אין קאמר היביין · אונ׳ שפרך
אודר איך מוש דען בוזן חוה גווינן · דיין גיזעל
אנשטין דער הייסטאן וויין · דש איז בבא נוך אל
איין זינן · טירין שפרך עש טר בייא בוק וואל
זיין · וויא טעטן מיר דש מיר עש ווערדן איבן ·
זיין מוטר שפרך הור מיר צו גר עבן · איין גוטן
רוט וויל איך דיר געבן :

552.

גיא הין אונ׳ בֿויר אין איבז באד · זא וויל איך דיר
זאגן וויא דו אין ווערשט קעבן · איין ועקלן הוט
ער אובטן אן אייבר וואד · און גיוערד מכט איך
אין איין מול ברעבן · עש איז קוינליך אז איין ראד
· אונ׳ צוואו ווארבן אים אויף דער אכשיל שטעגן
· טירין שפרך דש וויל איך בלד זעהן · אונ׳ גינג
צו בבא אונ׳ וואש צו אים ייעהן :

553.

אנשטין דז יבר גיזעלן מיין · ווילשטו מיט מיר
אין דש באד קומן · זא וואלן מיר טרינקן זסן וויין
· אונ׳ איין גיברוטבן קאפון הון איך מיט גינומן ·
בבא שפרך נון וואל אן דש זול זיין · אזו גינגן זי
מיט איין אנבדר די רעגן ורומן · זי גינגן היביין
אונ׳ וואר זיך אויש ציהן · בבא האט איין לייב אז
אייטיל מילך גיזיהן :

זי זאשן

554.

זי זﭏשן נעבן ﭏנבנדר אין דעם בﭏד · טירי׳ן בינֿנדר
די ווﭏרי׳ן צו דר זעהן · דר נוך דﭏ זﭏך ער דש
וועקﭏן אין דער ווﭏד · אונ׳ הוב אן צו אים צו ייעהן
· ﭏיי וויﭏ איז דש ﭏזו איין גרושר שﭏד · ווי איז
דיר אן דעם ביין גשעהן · בבﭏ שפרך איך קﭏן
דירש ניט זﭏגן · ﭏז מיין טנֿהון איך עש ﭏזו
גיטרﭏגן :

555.

טירי׳ן קונט קום ווﭏרטן ביז זי גינגן אויז · ער
בﭏדט נורט איין קליינש ווייﭏ · ער אש איין בישן
אונ׳ טעט איין סויז · אונ׳ היים ווﭏר ער זיך זער
אייﭏן · אונ׳ ﭏוף צו זיינר מוטר אין איר הויז · ויﭏ
ביהענדר ווען פֿון דער זעגן די ספּיי׳ן · אונ׳ שפרך
איך בין מיך דען גרוסיך וייכן · זﭏ הוט ﭏנגשטן
ﭏז ייעני ווﭏרצייכן :

556.

די פֿרויﭏ די שפרך ביי מיינם אייד · זﭏ וויﭏ איך
אין גן ערשט ﭏנספּבגן · זי ﭏוף אים ﭏנטגגן מיט
גרושר פֿרייד · איר ביידי העגד ווﭏש זי אים דﭏר
ﭏנגן · אונ׳ ויﭏ אום אין מיט אירן ﭏרמן בייד ·
אונ׳ קושט אין אויף זיין רוטי וואנגן · אונ׳ שפרך
בישטו ניט בבﭏ דען איך הון דר צוגן · אונ׳ פֿון
מיינן ברושטן הושטו גזוגן :

בבﭏ שפרך

557.

בבא שפרך דש אויך גוט דר ורייא · יא איך בין
עש איר אידלש ווייבן · אבר איך ביט אויך מכט
דרויש קיין געשרייא · לושט עש אזו ביי אויך בלייבן
· אונ׳ גט קייכם מענשן פֿון קייבר לייא · כווייארט
אוייארן צווין ליבן לייבן · אוייער ליבן זון אונ׳ מיין
ליבן גפֿאטר · דען איך הון אש הולט אז ווער ער
מיין פֿאטר :

558.

אין דעם סיניבולד קאם אויך צו גן · ווען טירין
הט אים גזאגט דש ווען · זי פֿלין בבא אום דען
האלז אלי צווין · אונ׳ אנפֿסינגן דען דעגן אויז דר
לעזן · ער קושט זי זי קושטן אין נוך מין · אונ׳
ורונגטן אין וואו ער ווער גוועזן · אונ׳ פֿורטן א
אין היים מיט ביידן ארמן אום ואנגן · בבא זגט
אין אל דינג ווי עש אים ווער גנגן :

559.

נון לושן מיר די בלייבן בייא אנבדר נון · אונ׳ ויל
קורץ וויל מיט אנבדר טרייבן · אונ׳ ווען ווידר
אן היבן פֿון הערצון דודון · אונ׳ איין וויל פֿון אים
שרייבן · אין זייכם לאנד הט ער איין געשרייא לושן
טון · דש אל די ארצט פֿון וואונדן אונ׳ פֿון לייבן
· די זולטן אל דאר קומן אונ׳ זולטן אין היילן · אונ׳
ווער פֿר ביט קעם דעם זולט מן ויר טיילן :

אזו וואָרן

560.

אלז וואֿרן דאֿר קומן אל די ארצט בון נאֿר · די דא
זאשן בֿון נוהטן אונ׳ בֿון וייטן · צו שנשיאון וואֿרן
זי עש אויך גיוואֿר · בבֿא שפרך איך וויל אויך ניט
בייטן · אז העלף מיר גוט איך וויל אויך ציהן דאֿר
אויף איינם מויל וויל איך דאֿר רייטן · אונ׳ בֿור
איין ארצט וויל איך מיך אויז געבן · אונ׳ דעם
בזוויכֿט וויל איך נעמן זיין לעבן :

561.

טירין שפרך דש איז איין גוט גיטרעכֿט · אבר
און מיך זול עש ניט גישעהן · איך וויל געבן דיר
זאבֿן אז איין קנעכֿט · בֿור איין רינאצן ווערט מן
מיך אן זעהן · אונ׳ אלז באלד אז דו דודון הושט
גישעכֿט · זא וויל איך דר שלאגן זייבר הערן ציהן
אונ׳ די אלטן הערן אונ׳ די טרוייאן גיזעלן · די
וויל איך אל אובטר דעם טור בישטעלן :

562.

דש ווען זי ווערן הורן איין גישריי · זא זולן זי
וולקש בלזן איין הורן · זא זול מיין ואטיר האלטן
אים האיי · מיט אונזרן ריקן אויז דר קורן · אונ׳
ווען זי ווערן בלזן איין מול אודר צווי · זא זולן זי
קומן צו רעבן צו דען טורן · בבֿא בבֿא זולן זיא אל
שרייאן · זא ווערט אידרמן קומן צו ויסן צו אונז
דרייאן :

סיבֿיבלר שפרך

563.

סיניבלד שפרך עש גבֿיל מיר וואל · אבר איך ואר
כֿט מן ווערט טירין קענן · בכֿא שפראך צו דעם
געלבינן מול · זא קאן איך דיך אין סוולכֿר ברענן ·
דא וויל איך אין מאכֿן שווערצר ווען אין קול · ווש
דר צו גיהורט דש ווש ער אין נעבן · אונ׳ דא
מאכֿט ער דש סוולכֿר מיט אלן זאכֿן · גלייך אז אין

564. דער בעטלר הט לערנן מאכֿן :

אונ׳ דא ער דש סוולכֿר הט בירייט · דא הוב ער
אין אן צו שמירן · זיין הענד אונ׳ ענגלט וויט
אונ׳ בריית · אונ׳ האלז אונ׳ אורן אונ׳ שטירן ·
אונ׳ גלייך אז איין מור וואר ער גיקלייט · אז ווער
ער איינר פֿון אלן פֿירן · אונ׳ איין רויקליין דש
וור אים וואל אן גילעגן · אונ׳ אויך זיינם תחתֿ הט

565. ער אין דעגן :

בכֿא הט אים איין שארליכֿן רוק גימאכֿט · אונ׳
איין שארליכֿן מנטיל איין לאנגן · אונ׳ איין ברייטן
גירטיל הט ער אים גימאכֿט · מיט אייטל גולדי
שפאנגן · אונ׳ אונטר דעם רוק הט ער זיך וואל
ביגאכֿט · סומעלה הט ער דרונטר גיהאנגן · אונ׳
אויף זיינר אכֿסיל האט ער איין קאסנים פֿל · אונ׳
הט אין הויב מיט איינם הוהן גיספֿל :

סיניבלד האט

566.

סיניבלד שענקט אים אין שון מויל · דש ער
גלייך אז אין ארצט זולט רייטן · אונ׳ טרייז דען
גאב ער אין אלטן גייל · דש ער אים נוך זולט
טרוטן פֿון ווייטן · זי רייטן דא הין אונ׳ ווארן ביט
פֿויל · זי קאמן גיאנטונה אין קורצר צייטן · אונ׳
צוהן אין צו דעם בעשטן ווירט אין אנטונה ·
דש זעלביג ווירט הויז היש צו דער קורונה :

567.

טרייז דער הוב זיך וואקש אויף אונ׳ גינג אויז ·
אונ׳ זולט צו אנבדר אל די הערן · אונ׳ זאמלט
זי צו אנבדר אין איין הויז · דש ער אין וואלט זגן
די גוטן מערן · ער שפרך וואלט איר שווייגן אז
איין מויז · זא מוכט אוייאר זאך נוך גוט ווערן ·
איך וויל אוייך זאגן גר איין שמועה טובה · אזו
אונ׳ אזו איז הער קומן בובא :

568.

אונ׳ איך בין סיניבלדש זון · דען דודון וועלן מיר
בנעמן זיין לעבן · אונ׳ אזו אונ׳ אזו וועלן מיר אים
טון · דרום זולט איר אוייארן זין דרויף געבן ·
אונ׳ גנץ קיינם מענשן בישט דר פֿון · אונ׳ זולט
אין בנעמן די טור גאר עבן · אונ׳ ווען איר הורט
דש ער דר שלאגן איז ווארן · זא לויפֿט אייבר אויף
די מויאר אונ׳ בלוזט אין הורן :

569.

ניט ווייט בֿון היבן ווארט דער אלטיר מיין · מיט
טויזנט וואל געהרנישטי מאנן · אזו באלד אז זי עש
הוירן זא קומן זי הריין · דש טור זולט איר אויך
שפאנן · די דוזיגן ריד גיבגן דען הערן וואל איין
· אונ׳ ווארן ורא אונ׳ גנגן בֿין דאנן · אונ׳ ביריישן
זיך צו מיט גרושר זורגן · נון זולט דש ערשט גי
שעהן מורגן :

570.

נון הורט מן זאגן אז וייט אז די שטט · ווי איין
קושטליכֿר ארצט ווער קומן · ער קונט מין ווען
גאלייענוס אונ׳ אפוקראט · ער היילט די לאמן אונ׳
די קרומן · דער אבֿן צענה העט בי געלערנט גיהט
· וואש זיך דער ארצט הט אן גינומן · אונ׳ בֿון גי
שטאלט ווער ער איין מאן איין וייבר · דיא בוז
בראנדובייה די ווארר אויך גיוואר זייבר :

571.

זי שיקט נוך אים איין אירר קנעכֿט · דש ער צו
איר זולט קומן מורגן · זי וואלט ווערן מיט אים
באלד שלעכֿט · קיין ספֿעגינג זולט ער איר ביט
בורגן · איז דש ער אירן מן צו קריסֿטן ברעכֿט ·
זא דורפֿט ער זיין לעבטג ביט זורגן · זיין קנעכֿט
גינג אונ׳ אים די בוטשאפֿט זאגט · בבֿא קונט
קוים ווארטן ביז עש טאגט :

572.

אזו באלד אז עז ליכֿטר טגבון וואר · ער אונ׳ טירין
קאמן אויף דעם פאליש גיגאנגן · בראגרונייה די
לוף לוקש צו אים דאר · אונ׳ מיט ווינן וואר זיא
אין אנספֿנגן · זי שפרך מיין ליבן מן ביבֿעל איך
אויך גר · איך ווארכֿט עש זיי אום אין דר גאנגן
· דרום ליבר מיינשער קונט איר אין היילן · לייב
אונ׳ גוט וויל איך מיט אויך טיילן :

573.

זי וואלט אים יא געבן מיט געוואלט די הנט · אבר
ער וואלט עש ניט לושן געשעהן · ער קירט זיך
אומדף גגן דער וואנט · פֿור בושהייט מוכֿט ער
זי ניט אן געהן · אזו פֿורט זי אין דא ער דען
הערצון ואנד · דא הוב בכֿא צו אים אן צו ייעהן ·
גנעדיגר הער ווי פֿורט איר אזו אין וועגן · הבט
קיין זורג איך וויל אוידמכֿן גינעגן :

574.

דרום גוט איר האבן צו מול קיין גרוי: · לושט מיך
בוייארט אויער וואונדן שויאן · אונ׳ ציכֿט אויך
אוטר נאקט אוי: · לושט זעהן ווי מן אויך הוט ג׳
הויאן · אבר היישט מיר אידרמן גין הינויש ·
איך וויל ניט הינן האבן נוך מאנן ורויאן · דא
טרייב ער הינויש זיין וויב אונ׳ הערן · בכֿא גינג
לוקש די טויר צו שפערן :

דורין דער

575.

דירון דער זוימט זיך ניט לאנג · ער הט זיך
וועקש אויף גיבונדן · בבא זעצט זיך צו אים אויף
די באנק · אונ׳ דורון וויז אים זייני וואונדן · ער
שפרך ליבר מייגשטר ווי בין איך זא קראנק ·
איך וואלט איך היטש אובר וואונדן · בבא שפרך
ווי איז דער שטרייט צו גאנגן · אונ׳ ווי הוט די
וויגטשאפט אן גיואנגן :

576.

דורון שפרך עז איז איין אלטר קריג · ער הוט גי
ווערט מיגנכי טאגן · אונ׳ ווערט מיר דש גליך
דש איך זי אובר זיג · איך וויל אינש ניט בור
טראגן · אונ׳ דער מיך הוט גישלאגן דש איך דא
ליג · דען וואלט איך גערן זעהן אונטר זיין אויגן ·
ער הוט מיר אויך גיבווין קויא אונ׳ קעלבר · איך
הלט ער זיי דער טויבל זעלבר :

577.

בבא שפרך עש איז לעכט דעש זון · דער בין
אויך גימורט איז וואלן · זיינש ואטיר רובונג וויל
ער לעכט טון · אז איין דעגן אויז דר קירן · דורון
שפרך דא לושט בוייערט בין · דער הוט לעבגשט
זיין לעבן בור לורן · אויף דען זעלבגן דארף איך
צו מול ניט דיכטן · איך הון גימאכט זיין מוטר אין
הין ריכטן :

578.

בבֿא שפרך נון זיך מיך וואו אן · דולֿט דיך ניט
איך זיי בבֿא עבן · וואר עש ניט גנוק דו בֿור
רעטרישר מן · דש דו מיינם ואטר נאמשט זיין
לעבן · דולֿט דיך ניט דש איך דירא ביצאלן קן ·
דיין רעלֿטן לון וויל איך דיר געבן · זיין שווערט
וואש ער וואקש הער בֿור צוקן · אוני היב דען
בזוויכֿט צו קליינן שטויקן :

579.

אוני דא דש דזינג נון געשעהן וואר · דש זיך בבֿא
אן דודון הט גרוכֿן · טיריז דער וואר עש ווארן
געוואר · דער הט וואו אירר ציהן דר שטוכֿן ·
בבֿא וואר נון צו אים קומן דאר · מעגכֿם וואורד
זיין קופֿף צו ברוכֿן · מן זאך בבֿא וואוטן אין
וואמש אוני הוזן · אוני אויף דער מויאר הט מן
דש הרן געבוזן :

580.

ביאז וואושט וואש דא וואר דאר מער · פֿון אירם
אובלין וואושטן זי ניט צו זגן · אייבר לויף הין דער
אנדר הער · מן הורט איין וייבליך וויינן אוני
קלאגן · אין דעם קאם סיניבלד מיט זאיינם וואלק
דא הער · גווידונש באניר הטן זי פֿויר אין טראגן
· בבֿא בבֿא זי אומדר שרייאן · אוני דען פֿון
מגנצה ווארן זי וייבליך דרייאן :

זי היבן

581.

זי היבן אין זי אז אין די הונר · ביש זי אין דש
לעבן הטן גנומן · דש גשלעג ווערט ציהן גגבר
שטונד · ביש זי זיא אל הטן אויבר קומן · סיניבלדש
אלך וואָרן אויך ויל גוואונד · עש וואר איין וויינט
ליך שרייאן אונ׳ ברומן · דא בבא בון דוכֿט דש זי
אל דר שלאגן היטן · דא ליש ער איין גשרייא טון
מיט טרומיטן :

582.

אידרמן זיין וויר בידר ליגן זול · וויל ער אנדרש
ביט ווערדן גהנגן · אל די בורגר די בבא וואלט
וואל · די קאמן מיט ורייד גנאנגן · בבא גינג
צום פאליש דש זעלבינג מול · אונ׳ הט בון איין
שוואבן איין לאבגן · זי גליטן אין ביש אן די
שטיגן · אל דיבנ וואר בון גשטילט אונ׳ גשוויגן :

583.

בבא דער היש בון הין וועק טראגן דורן · אונ׳
אויף דש ועלד זולט מן אין בגראבן · אונ׳ דען
אנדרן זולט מן אויך אזו טון · אנדרש וואלט
ער אין ביט דר לאבן · דר בוך קאם צו גין
זיין בוזי מוטר בון · אונ׳ מיינט אויך גנוד בֿון
אים צו האבן · זיא בֿיל בֿור אים נידר אויף די
ערדן · אונ׳ שרייא אונ׳ וויינט אונ׳ הט איין
וויל געבערדן :

ליבר זון

ינ ג

584

ליבר זון איך בין אין דייבר גיוואלט · דו מנשט מיט
מיר טון ווש דיר איז עבן · הון איך דיר שון גיטון
ווש דיר ביט גיבאלט · איך ביט דיך דו זולשט
מירש פֿור געבן · איך בין יא דיין מוטר דש בוט
דש וואלט · ליבר זון גיטר מיר מיינש לעבן ·
בבלא דער קונט מיט איר קיין ווארט רידן · ער
שפרך סיניבולד אונ׳ טירין איך ביבעל אויכש בירן:

585.

אונ׳ אין איין קאמר גינגער גר דרוט · אונ׳
סיניבולד הוב אן צו איר צו זאגן · ברנדוניה
ברנדוניה דו בוזי קרוט · דיין מאן הושטו צו
טוט לושן שלאגן · אונ׳ דיין זון הושטו וועלן געבן
אין טוט · וויא קן מן דירש ור טראגן · דו
העשט ור דינט דש מן דיך זולט קוספֿן · אונ׳ דורך
די שטט שלייפֿן מיט דיין צוספֿן ·

586.

אבר די וויל דש דו בישט די מוטר זיין · דיש
זעלבין זולשטו גינישן · דש מן דיר זול שענקן
דש לעבן דיין · אבר אין איין קלושטר גול מן דיך
שליסן · טירין שפרך עש דולכט מיך אויך גוט
זיין · אירי קנעכט זי הין וועק זי פֿורן הישן ·
אונ׳ שפערטן זי אין איין נונן קלושטר · דינן מושט
זי זיין ביש גין יוצא אושטר :

דר בוף

587.

דר נוך ברוכֿט סיניבלד זיין גזינד אלז דאר · אונ
מיט בבֿא ער אין קושטוך לעבן פֿורט · סיניבלד
אונ טיריין דיא ווארן עש גאר · אז אין ביידן
וואל צו גבווירט · אונ דא אין הלב יאר הין וועק
נון וואר · אונ קיין מענש ווידר בבֿא זיך רורט ·
אין מול שפיזט ער מיט סיניבלד אים שוך צובֿל ·
דא ברוכֿט אים אייכר אין בריף פֿון בבֿל :

588.

אין דען בריף דא שטונדן ויל זעלצן מער · די הט
אים די שון מארגריטה גשריבן · ווי דער שולדן
איר ואטר גשטורבן ווער · אונ ווי זי אליין ווער
אויבר גבליבן · אונ ווי פאשמונט דער הער ·
העט זי שיר אויז אירם לאנד ור טריבן · אונ טעט
איר אז ווי דש עש ניט שטונד צו גאבן · ווען
ער וואלט זי צו אייכם וייב יא האבן :

589.

אונ דרום דש זי היט הורן זגן פון · ווי עש אים
אז וואל ווער גאנגן · דא בט זי אין דש ער אז וואל
גוט טון · אונ זולט איר העלפֿן אויז אירן גדראנגן
· פֿון דער טרויי וועגן דש זי אים הט גיהולפֿן דר פֿון
· דא ער וועש גוועגן אים טורן גפֿאנגן · אונ ווער
עש זאך דש ער אין קונט פֿור טרייבן · זא וועלט
זי גערן זיין איליכֿש וייבן :

אז בלד

יג ד

590.

אז בור אז בבא רען בריף אן זאך · דא בינונר
ער זער צו דר שרעקן · ער נאב אין סיניבור
אונ׳ צו אים שפרך · די דזינן וויל איך ניט וושן
שטעקן · זי הוט מיר גיהולפן אויז מיין נוטן אויך
· איך ווער זנבשט גישטורבן אויף דעם וועקן ·
סיניבור שפרך איז זי דיר גיוועזן אזו טונליך ·
דש דו איר זולשט העלפן דש איז וואל מוגליך ·

591.

אין דעם קאם טירין נייך אין די מיט · בבא זנט
אים די דזינן זאכן · ער שפרך דו מושט אויך
קומן מיט · מיין הייסט מן וויל איך דיך מאכן
טירין שפרך איך זים עש ניט · עש איז מיר
קוים אים שמאון גיבאוכן · בבא שפרך גיבאטר
איר מושט אויך דר וועגן · דש איר דא ווייל מין
ואנר וועלט ספלעגן :

592.

סיניבור שפרך איך ור הייש דיר גוויש · דש
דו דיך ניט דארפשט ביזורגן · בבא וואקש איין
גישריי טון ליש · אויף אין פלעגן גאר און ור בורגן
· אונ׳ דריי טויזנט מאן ער זיך צו בירייטן היש ·
דש זי זולטן זיין בירייט אויף מורגן · אונ׳ דש זי
צו ספערד בור דעם פאליש קעמן · זא וואלט ער
זי מיט אים גיבאבילוניה נעמן :

אונ׳ דא

593.

אונ׳ דא דער אנדר טג בון קומן וואר · דא זעצטן
זי זיך אל צו ספערדן · אונ׳ רייטן פֿור דעם פליש
דאר · מן קונט קוים פֿור אין זעהן די ערדן ·
אונ׳ דא זי נון אל דא וואָרן גאר · דא קאמן צו
רייטן די צווין דען ווערדן · בבא גאב טיריץ
פֿוספֿציהן הונדרט מאנן · אונ׳ ער נאם די אנדרן
אונ׳ צוהן פֿון דאנן :

594.

אונ׳ רייטן דו הין אונ׳ וואָרן ניט טרעג · צירונג
גנוק זי מיט אין נאמן · בבא לערנט זי וועג אונ׳
שטעג · ווען ער קענט די שטרושן אלי זאמן ·
זי רייטן מענכי מונט אונ׳ טעג · ביש דש זיא גע
באבילוניא קאמן · אונ׳ דא זיא דר זאהן ד
די שטט פֿון וייטן · דא היש בבא אין בוטן
ואר אן הין רייטן :

595.

דש ער מארגריטה זולט זאגן די מער · ווי בבא
ניט ווער וייט פֿון דאנן · אונ׳ דש זי דרויף
גיווארט ווער · אונ׳ זולט היישן הארנישן אל איר
מאנן · אונ׳ ווען זי דוכט דש בבא דאר קומן
ווער · דא זולטן זי די טור אויף שפאנן · אונ׳
זולטן הרויש אויף די היידן ריטן . דא וועלן מיר
דש היר גן צו טרעבן :

596.

הין וועק רעגט דער בוט אונ׳ זאך זיך אום בי ·
גלייך ווי אין דער טויבן יאגט · ער קאם דורך די
וייגד איך וויש ביט וויא · אונ׳ מארגריטה ער
דש בוטן ברוט זאגט · דא זי דש הורט ווי פֿרו
וואר זי · אן איר זי ביט מין פֿור צאגט · אונ׳ גיבוט
וואקש אויף אירי הערן · אין דעם בגונט עש בון
נכֿט צו ווערן :

597.

זיא הארבשטן זיך ביז אין די צין · אונ׳ בינונדרן
אן פאליש צו רייטן · עש וואר איר צווי טויזנט
אודר מין · די גנץ נכֿט ווארן זי אויף בפֿא בייטן
· בון זושן מיר די אויף דעם פלאץ דא שטין · אונ׳
וושן דא זגן פֿון בפֿאש שטרייטן · ווי ער זיין וואך
הט גנומן · אונ׳ וואר כונביש אן די שטט גנג
קומן :

598.

אונ׳ טירין מכֿט זיך אן איין אורט · מיט אל זיין
שטרקן ריקן · זי וואנדרן גאר ויל דער היידן דורט ·
אוואריגנלט די שטט צו אן איקן · דא הוב זיך אן
איין גרושר מורט · זי ווארן זי גאר און מוטרליך
אויף וויקן · אונ׳ גאר ויל ווארן אירר צו טוט ג
נישלאגן · אין דעם ביגנד עש גלייך צו
טגן :

פאשמונט שפרך

